Sholem Aleichem.
Di goldgreber : a komedye in 4 aktn, 5 bilder.
Kiev, 1928.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1907.4

**Sholem Aleichem, 1859-1916.**
Di goldgreber : a komedye in 4 aktn, 5 bilder.
Kiev, Kooperativer Farlag "Kultur-Lige", 1928.
87 p.; 23 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh.

ID : NXYH94-B562 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /86488

Reduction ratio X 10.0

שאָלעם-אַלייכעם

# די גאלדגרעבער

אַ קאָמעדיע אין 4 אַקטן, 5 בילדער



קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע"
קיעוו — 1928

# פון פאַרלאַג.

שאָלעם־אַלייכעמס קאָמעדיע „די גאָלדגרעבער" ווערט איצט צום ערשטן מאָל געדרוקט אין אַ בוך־פאָרם. דאָס ווערק האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעשריבן אין 1907 יאָר אין זשענעווע און ס'האָט געזאָלט הייסן „דער אויצער". וועגן דעם נאָמען פון אָט דעם ווערק שרייבט דער מעכאַבער אין זיינעם אַ בריוו פון 8 מאַי 1908:

„איך בין געוואָר געוואָרן, אַז מיין קאָלעגע דאָוויד פינסקי אין אַמעריקע האָט אויך אָנגעשריבן און די טעג אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן אַ דראַמע מיטן זעלבן נאָמען „דער אויצער". האַגאַם דער אינהאַלט פון פינסקיס דראַמע איז מיר נאָך אומבאַקאַנט און ניט געקוקט דערויף, וואָס מיין פיעסע איז שוין אַביסל באַוואוסט אונטערן נאָמען „דער אויצער"... האָב איך גענומען אין אַנבאַטראַכט די שריפטשטעלערישע עטיק און האָב געפונען, אַז ס'איז ניט שיין און אומבאַקוועם, אַז צוויי שרייבער זאָלן אין איין צייט פאַרעפנטלעכן אַ ווערק אונטער איין און דעמזעלבן נאָמען, און האָב מעשאַנע שעם געווען מיין קאָמעדיע און אַנשטאָט „דער אויצער" אַ נאָמען געגעבן „די גאָלדגרעבער"...

פון דעמזעלבן בריוו דערוויסן מיר זיך, אַז די קאָמעדיע איז איבער־געאַרבעט געוואָרן פון דער קליינער דערציילונג „אַן אויצער", וועלכע שאָלעם־אַלייכעם האָט אָפּגעדרוקט אין זיין ביכל דיכטונג און פראָזע מיטן נאָמען „אַ בינטל בלומען" (דערשינען אין בערדיטשעוו אין 1888 יאָר).

„די סקיצע — שרייבט שאָלעם־אַלייכעם אין דעם אויבנדערמאָנטן בריוו — האָב איך פאַרברייטערט און איבערגעמאַכט אין אַ פּיראַקטיקע קאָמעדיע און געגעבן אַ נאָמען „דער אויצער".

די פיעסע „די גאָלדגרעבער" איז ניט לאַנג פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „צוקונפט", מיט אַ פאָרבאַמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש, אין וועלכער ער דערציילט, אַז די פיעסע איז דורך שאָלעם־אַלייכעמען אַ פּאָר מאָל באַאַרבעט און געענדערט געוואָרן, אַזוי אַז ס'האָט זיך באַקומען דריי וואַריאַנטן. פון די אַלע דריי וואַריאַנטן, וועלכע זיינען אינערגעץ ניט געדרוקט געוואָרן, איז פאַרעפנטלעכט אין „צוקונפט" און ווערט באַ אונז געגעבן אין אַ בוך־פאָרם דער צווייטער וואַריאַנט, וועלכער

„איז דער פולסטער און איז אויך געווען פאַררעכנט באַ שאָלעם־אַלייכעמען אַלס דער בעסטער" (י. ד. בערקאָוויטש).

---

מעלוכע - טרעסט „קיעוו - דרוק".
4-טע דרוקעריי, וואָראָווסקי 42.
באַשט. 2770. געדרוקט — 3000.
אָקרליט (451) № 696.

עלקע—אן אַלמאָנע מיט ניין מאָס רייד.

זעלדע—א קעכן בא די מאָזגאָוואָיערס.

דאָוו—א זאָקן.

כאַזן—א הויכער איד מיט א פאַרבונדן האַלז.

שאַמעס—א קליין אידל, א וויינענדיקס.

אידן, ווייבער, קינדער.

אָרט: א אידיש שטעטל אין פוילן.

צייט: אָנהייב אכציקער יאָרן.



# ערשטער אַקט.

(א מאַרק-פּלאַץ.—קלייטן, טישלעך.—די קלייטן זיינען פארהאַנגען: אייניקע מיט רויטע מאַטעריע, בא אַנדערע הייגגט אַ בינטל היי, א טרוקן פּישל אף א פאָדעם, א היטל.—בא די קלייטן זיצן די קרעמערנס; ווער עס אַרבעט א זאָק, ווער עס שמועסט זיך דורך מיט דער שכיינע שטילערהייט.—בא די טישלעך מיט עסנוואַרג און נאַשערייען זיצן אָפּגעריסענע מאַרק-ווייבער פאַרזאָרגט. מע קוקט אַרויס אף א קוינע.—אביסל אף א זייט, בא א קליין טישל, זיצט דער כאלפן, אידל טאָרבע, מיט א גרויסער סיראַטענער קעשענע, פארטיפט אין דער אַרבעט: ער ציילט געלט. די שפּיצפינגער זיי-נען בא אים שוואַרץ, ווי איינגעטונקען אין טינט. אַפן טישל בא אים שטייען קופּקעלעך מיט פארשיידענע מאַטבייעס—פון א קאָפּיקע ביז א צוואַנציקער זילבער.—אין סאַמע פראָנט שטייט לייווי מאָזגאָוואָיער מיט א פאר-שוויצטן שטערן, פאַרקאַטשעט די אַרבל און דארשנט. ארום אים שטייען די קרעמער: באָרד, לאַקירדע, דערבארמיקער. אידל טאָרבע לייגט צו אן אויער, הערט זיך צו פונדערווייטן, טוט בעשאַס-מאַיסע דיין אַרבעט — ציילט געלט. אַלע זיינען אופגעבראַכט, קאָכן זיך. ס'איז א הייסער זומער-טאָג און א טאָנעס (שיוואָסאָר בעטאמוז).

מאָזגאָוואָיער: בעקיצער, אידן, ס'איז מיט אונז ניט פריילעך!

באָרד: נאָך א מין ניט פריילעך! (זיפצט).

דערבארמיקער: דער אייבערשטער זאָל שוימער אומאַצל זיין!

(ברעכט די הענט).

לאַקירדע: פונוואַנען ווייסט מען דאָס? מיר האָבן נאָך א גרויסן גאָט... (קיינער ענטפערט ניט לאַקירדען. מ'קוקט אף לייווי מאָזגאָוואָיער).

מאָזגאָוואָיער: וואָרום וויבאַלד די שטאָט גייט איבער צו קאזנא, זיינען מיר אין דער ערד. ריישיס כאָכמע, הייסט מען אַראָפּטראָגן די הייזער...

באָרד: די הייזער...

דערבארמיקער: דער אייבערשטער זאָל שוימער אומאַצל זיין!...

לאַקירדע: שוין? אַזוי גיך טאַקע? (קיינער הערט אים ניט).

מאָזגאָוואָיער: איך ווייס ניט, ווי איר, אידן. פאר מיר איז דאָס די גרעסטע גזיירע, וואָרום מיר האָבן ביערושע פונם עלטערזיידן, אַז מיר זאָלן אונזער שטוב ניט טשעפּען, מאַכמעס אונזער שטוב

איז א גליקלעכע שטוב. און דאָס זיידנס א וואָרט איז בײַ אונז קוידעש. איר האָט זיך צוגעקוקט צו מײַן שטוב? די דרויסנדיקע וואַנט, וואָס צום הויף־צו, האָט זיך שטאַרק פֿאַדאַוועט, שוין צוויי מאָל אונטערגעשפּאַרט מיט אָבאַפּאַלקעס, נאָר איבערבויען—דאָס ניט. דער זיידע האָט ניט געהייסן... וואָס דאַרפֿט איר מער? מיר האָבן א בעכער, אויך בירושע פֿונם זיידן, א געוויינלעכער זילבער־נער בעכער, וואָס נאָר פּייסעך מאַך איך אָף אים קידעש און האַוור־דאָלע—אַנו, גיט מיר א מיליאָן, איך זאָל אײַך אַוועקגעבן אָט דעם בעכער!

לאקירדע: און ווי וואָלט זײַן, לעמאָשל, ווען איך גיב אײַך אַנדער־האַלבן מיליאָן?

באָרד (צו לאקירדען): וואָס זײַנט איר פֿאַר א אײַנגעגעסענער איד, וואָס איר האָט ליב זאָגן אָף צולאָכעס?

דערבארמיקער: כּשמו כּן הוא—ניט אומזיסט הייסט ער לאקירדע!...

מאָזגאָוואָיער: האָט איר אײַך אײַנמאָל אַוועק. וועהאַשיינעס, וועט קאַזנאַ הייסן, מע זאָל אונז אַראָפּטראָגן די קלייטן, די הילצערנע קלייטן, און שטעלן אָף זייער אָרט געמויערטע קלייטן,—און מיר וועלן דערווײַל געשלאָגן ווערן פֿון פּאַרנאָסע.

באָרד: פּאַרנאָסע...

מאָזגאָוואָיער: עמעס, מיר זיצן אַזוי אויך אָפּ אַמאָל דרײַ טאָג און קוקן ניט אָן קיין קוינע אין די אויגן, אוביפּראַט נאָך זומער־צײַט...

באָרד: זומער־צײַט...

מאָזגאָוואָיער: נאָר גאָרניט. ווי זאָגט מען: קאָלזמאַן סע שלעפּט זיך, שלעפּט זיך עס...

באָרד: שלעפּט זיך עס...

מאָזגאָוואָיער: היינט נעמט, אַשטייגער, טשינש... מיט אונזער פּאָ־רעץ איז מעכאַיע: האָסטו צו צאָלן, צאָלסטו, אַניט—בעססטו זיך אָפּ אָף שפּעטער. פֿאַר נויט שמירט איר אונטער וולאָצלאַווסקין מיט א שטיקל געפֿילטע פֿיש, שיינקט ער אײַך אַ פּאַטש אין פּלייצע און הייסט זיך זינגען מאַיאָפּיס...

באָרד: זינגען מאַיאָפּיס...

מאָזגאָוואָיער: און וויבאַלד קאַזנאַ, אַזוי ווערט איבער אונז דער גאַנצער פּאָרעץ האָלאָוועשקע...

באָרד: האָלאָוועשקע...

דערבארמיקער: אימאַך שמוי וועזיכרוי!

לאַקירדע: פֿונוואַנען איז געדרונגען, אַז...

באָרד (שלאָגט אים איבער): לעמאַי זאָלט איר האָבן א טעווע קריכן יענעם אין די ביינער אַריין?...



לאקירדע: איך פֿרעג, פֿונוואַנען ווייסט מען דאָס, אז די שטאָט גייט איבער צו קאַזנאַ?

מאָזגאָוואָיער: איך האָב דאָך אײַך געזאָגט שוין איין מאָל, אז אַזוי ווי אונזער גראַפֿטשוק האָט זיך פֿאַרהוליעט אין זאַגראַניצע, פֿאַר־שפּילט אין קאָרטן דאָרטן ערגעץ אין מאָנטיקאַרל, ער האָט שוין געפּאַטערט דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט, וואָס דער אַלטער גראַף האָט אים איבערגעלאָזט, ער האָט שוין דעם וואַלד אויך פֿאַר־שפּילט, אַזוי אז ס'איז אים ניט געבליבן מער קיין מעוואוי, בילטי צו פֿאַרקויפֿן די שטאָט מיט האַק און פּאַק צו קאַזנאַ...

באָרד (צו לאַקירדען): זײַנט איר שוין צופֿרידן?

לאקירדע: דערווײַל איז דאָך עס ניט מער ווי א פּשאַט; איז מי־מאָנעפּשאַך: ווייל איך—לערן איך מיר אַזוי דעם פּשאַט; ווייל איך—זאָג איר מיר פֿאַרקערט.

באָרד: פֿארשטייט זיך, אַז פֿאַרקערט. בײַ אײַך קומט דאָך טאָמיד אויס פֿאַרקערט.

דערבארמיקער: א לוטוואַק, א ציילעם־קאָפּ...

מאָזגאָוואָיער: טאַקע גערעכט. בײַ די לוטוואַקעס קומט אויס פּריי־טיק צו־נאַכטס, ווען די גאַנצע וועלט עסט כאַלעס, מאַכן זיי אַמוי־צע איבער קאָרנברויט... (צו לאַקירדען) ווי איז דער דין, לעמאָשל, אַז איך וועל אײַך זאָגן, אז איך האָב עס געהערט פֿון האָלאָוועש־קען אַליין? (נעמט זיך בײַם באָרד, מאַכט צו די אויגן).

לאקירדע: פֿונוואַנען ווייסט עס האָלאָוועשקע? (אַלע קוקן איינס אָף דאָס אַנדערע און אָף לאַקירדען, ווי אָף אן אָנשיקעניש).

באָרד: טפֿו זאָל דאָס ווערן! א איד זאָל דיר ליב האָבן אַזוי אַריינ־קריכן יענעם אין די קישקעס אַריין!... (צו מאָזגאָוואָיער) האַקיצער, איז דאָך טאַקע עפּעס מיט אונז זייער מיעס. וואָס טוט מען, אשטייגער?

דערבארמיקער: סיידן דער אייבערשטער זאָל טון עפּעס א נעס, דעם גראַף זאָל אַוועקגיין א גוטע קאָרט?

מאָזגאָוואָיער (צעלאַכט זיך): קומט אויס, הייסט עס, נאָך אייער סייכל, אַז מיר דאַרפֿן גאָט בעטן פֿאַרן גראַף, ס'זאָל אים גיין אין די קאָרטן? לאָמיר בעסער בעטן בײַם ריבוינע שעל אוילעם, אַז עס האַלט שוין יאָ בײַ א נעס, זאָלן מיר בעסער געפֿינען דעם אוצער, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט דאָ באַהאַלטן. דאָס איז, דאַכט מיר, אַסאַך גרינגער בײַ גאָט!

באָרד: און מער יושער אַוואַדע!

דערבארמיקער: דער אייבערשטער איז א קויל־יאָכל, אז ער וויל, קאָן ער. (זיפֿצט) מיר האָבן זיך שוין אָבער לאַנג מעיאַעש געווען דערפֿון.

מאָזגאָוואָיער: מעיאַעש געווען? עס געווענדט ווער... איר זאָלט וויסן, וואָס איך האָב היינטיקע נאַכט געזעען אין כאָלעם, וואָלט איר ניט געזאָגט מעיאַעש געווען.

באָרד, דערבארמיקער: דעהאַינע, וואָס? דערציילט, וועלן מיר אייך פויסערכאָלעם זיין.

(אַלע דריי שטעלן אָן די אויערן; אידל טאָרבע הערט זיך צו)

מאָזגאָוואָיער: איר ווייסט דאָך, אז בעטעווע בין אין א מענטש, וואָס קאטאָרע איך גלויב ניט אין כאַלוימעס. איך האַלט ניט פון קיין פוסטע באָבע־מאַיסעס, ווייבערשע פיזמוינעס.

באָרד: ווייבערשע פיזמוינעס...

מאָזגאָוואָיער: בא מיר איז נאָר דאָס, וואָס איך זע מיט די אויגן, אָדער איך טאַפּ אָן מיט די הענט. לעמאָשל, ס'איז דאָ שויטים, וואָס האָבן מוירע, אַז מע גייט זיי איבער מיט ליידיקע עמער, אָדער אז עס לויפט זיי דורך א שוואַרצע קאַץ, אָדער אַז עס גייט זיי איבער דעם וועג א גאַלעך...

באָרד: א גאַלעך...

מאָזגאָוואָיער: איך לאַך פון דעם. צען פּאָר ליידיקע עמער, הונדערט שוואַרצע קעץ, טויזנט גאַלאָכים לאָזן מיר איבערגיין דעם וועג צען מאָל הין און צוריק—בלאָטע!

באָרד: בלאָטע!

מאָזגאָוואָיער (נעמט זיך באַם באָרד, רעדט מיט א ניגן): ווי־זשע איז אָבער דער דין, אַז שוין באַלד איין און צוואַנציק יאָר, אַז מיין טאַטע, זאָל האָבן א ליכטיקן גאַניידן, איז טויט, איז ער נאָך איין מאָל אַפילע ניט געקומען מיר צו כאָלעם. נאָר היינטיקע נאַכט — וועט איר הערן א מאַיסע — נאָך דעם ווי איך האָב מיך אָנגעזאַט מיט יעסורים פון האָלאָוועשקעס בסורע, אימאַך שמוי, אז דער פּאָרעץ האַלט בא פאַרקויפן די שטאָט צו קאזנאַ, בין איך אַנשלאָפן געוואָרן מיט א שווערן שלאָף, הער איך פלוצים דעם טאַטנס קאָל, ווי ער מאַכט צו מיר: „לייווי מיין זון, זאָלסט ניט איבערטראַכטן צופיל, איר וועט אינגיכן אופגערעכט ווערן”...

(אַלע קוקן זיך איבער)

באָרד (ניספּאָעל): אינגיכן אופגערעכט ווערן?

דערבארמיקער: האַלעוואַי, ריבוינע שעל אוילעם! שוין צייט!..

מאָזגאָוואָיער: וואַרט אויס, איר זיינט נאָך ניט פאַרטיק. נאָכדעם מאַכט ער צו מיר ווייטער: „איר וועט אַלע געהאָלפן ווערן און דו וועסט ניסאַשער ווערן...”

באָרד: ניסאַשער ווערן? טאַקע מיט די ווערטער?



מאָזגאָוואָיער: טאַקע מיט דעם לאָשן: „ניסאַשער ווערן... און אַז דו וועסט ניסאַשער ווערן, זאָלסטו מיך צאַמען, שטעלן אַ ניי שטיבל אף מיין קייווער”... ווי איר זעט מיך אַ אידן, מיט די ווערטער!...

באָרד: אַ מאָדנער כאָלעם!

דערבארמיקער: האַפליי וואָפעלע!

לאקירדע: וואָס־זשע איז דערפון געדרונגען?

באָרד (צו לאַקירדען): דערפון איז געדרונגען, אז איר זיינט אַ איינגעגעסענער איד, אַ לוטוואַק, און גלויבט ניט קיינעם, נאָר זיך אַליין.

מאָזגאָוואָיער: זייער גערעכט. אַפילע זיך אליין גלויבט ער אויך ניט. ליטוואקעס — גאָר אַן אנדער פאָלק... האַקיצער, וואר־זשע האַלט איך? באַם כאָלעם. דאָס פאַרשטייט איר מיסטאָמע גאנץ גוט, אַז איך בין אויסגעגאנגען, געוואָלט הערן וואָס וועט ער מיר זאָגן ווייטער. נאָר ווי אַף צולאָכעס האָב איך שוין מער ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. איך בין געלעגן אין איין ציטערניש און אַלץ געלערנט דעם פשאַט פון די ווערטער: „איר וועט געהאָלפן ווערן... דו וועסט ניסאשער ווערן...” וואָס זאָל דאָס באַדייטן? ס'איז עפּעס ניט גלאַט.

באָרד: ניט גלאַט...

מאָזגאָוואָיער: דערווייל איז מיר געקומען אפן זינען דאָס, וואָס ער, אָלאָוו האַשאָלעם, פלעג אונז דערציילן, אַז ער האָט דאָס אליין געהערט פון זיין טאַטן, אַז זיין טאטע האָט דאָס געהערט פון זיין טאַטנס טאַטן...

באָרד: פון זיין טאַטנס טאַטן...

מאָזגאָוואָיער: אַז דער זיידע האָט באַדאַרפט שטאַרבן, ער איז געווען אַ זאָקן, האָט ער צונויפגערופן אַלע קינדער און האָט זיך אָנגערופן צו זיי בעזע האַלאָשן:

באָרד: בעזע האַלאָשן...

מאָזגאָוואָיער: „איר זאָלט וויסן, קינדער מיינע, זאָגט ער, אַז איך שטאַרב אַוועק...”

באָרד: אַז איך שטאַרב אַוועק...

מאָזגאָוואָיער: „מע רופט מיך, זאָגט ער, אַהינצוצו...”

באָרד: אַהינצוצו...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרדן): טאָמער וואָלט איר אופגעהערט מיר נאָכזאָגן, ווי אַ פּאָפּאָגאַי?

באָרד: ווי אַ פּאָפּאָגאַי... (פאַרכאַפּט זיך).

מאָזגאָוואָיער (קוקט אף אים אַ ווײַלע, דערציילט ווייטער): האַקיצער, וואר־זשע האַלט איך? בא מיין טאַטנס טאַטן, ווי ער רעדט מיט די קינדער פאַרן טויט... „געדיינקט־זשע, זאָגט ער צו זיי, קינדער

מיינע, איר זאָלט זיך פירן לייטיש, אונטערהאַלטן איינס דאָס אַנדערע און היטן יענעמס קאָוועד, ווי אייער אייגענעם קאָוועד, וועט אייך דער אייבערשטער, זאָגט ער, באַגליקן, איר וועט זוכה זיין, זאָגט ער, צו געפינען דעם אויצער, וואָס דער גרויסער נאַ־פּאָלעאָן האָט דאָ באַהאַלטן, זאָגט ער, בעאיים ער איז געגאַנגען איינעמען מאָסקווע".

באָרד: איינעמען מאָסקווע...

מאָזגאָוואָיער: און מער האָט ער ניט אויסגערעדט קיין וואָרט ביז דער לעצטער מינוט...

באָרד: ביז דער לעצטער מינוט...

לאַקירדע (צו מאָזגאָוואָיער): האָט קיין פּאַריבל ניט, איך וויל ניט רעדן קיין לאָשנהאָרע אף אייער זיידן, אָדער עלטערזיידן. איך וואָלט נאָר וועלן וויסן, וואָס וואָלט אים געאַרט, ער זאָל שוין געווען זאָגן די קינדער דעם אָרט, וואו דער אויצער ליגט באַהאַלטן?

באָרד: אַ כאָכעם אַ איד! מיסטאָמע האָט ער אליין ניט געוואוסט!

דערבאַרמיקער: יענער דאָר האָט נאָך ניט זוכה געווען...

מאָזגאָוואָיער: האַקיצער, וואָס זאָלט איר קלערן, וויבאלד דער זיידע, אָלאָוו האַשאָלעם, איז געשטאָרבן, האָבן די קינדער נאָר אָפּגעוואַרט שלוישים, און אז ס'איז איבערגעגאנגען שלוישים, האָט מען זיך געגעבן אַ נעם צום אויצער, דאָס הייסט, מע האָט זיך גענומען אים זוכן געשמאַק, מיט כיישעק, אין אלע ווינקעלעך פון שטאָט, און מער אַלס אומעטום — אַפן בייסוילעם, באַרג־אַראָפּ צום טייך־צו.

באָרד: באַרג־אַראָפּ צום טייך־צו...

לאַקירדע: וואָס עפּעס אפן בייסוילעם?

מאָזגאָוואָיער: וייל דאָרטן, אַזוי דערציילן אַלטע אידן, האָט דער גרויסער נאַפּאָלעאָן גערוט מיט זיין גאַנצן כאַיל, בעאיים ער איז אַריבער דעם ניעמאַן.

באָרד: דעם ניעמאַן.

מאָזגאָוואָיער: אַלטע אידן דערציילן, אַז מע ווייסט אפילע דעם אָרט, וואו נאַפּאָלעאָן איז געשטאַנען און געקוקט אפן ניעמאַן. אף דעם אָרט איז אַמאָל געשטאַנען אַ שטיבל. אַז דער אַלטער גראַף קסאַוועריִ האָט געלעבט, האָט מען דאָס שטיבל אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונם אויג. איצט איז ניטאָ קיין זייכער פונם שטיבל, קיינער ווייסט ניט, וואו ס'איז אַהינגעקומען.

באָרד: אַהינגעקומען...

מאָזגאָוואָיער: אַ סוואָרע, אַז ס'איז אין איין נאַכט פאַרשוואונדן געוואָרן.



באָרד: פאַרשוואונדן געוואָרן...

מאָזגאָוואָיער: און ס'איז אַ סוואָרע, אַז דאָרט, וואו אַמאָל איז געשטאַנען דאָס שטיבל, ליגט באַהאַלטן דער אויצער, ניט מער און ניט ווינציקער, ווי דרייצן פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך.

באָרד: גאָלדענע רענדלעך (זיפצט).

דערבאַרמיקער (ברעכט די הענט): דרייצן פעסלעך גאָלדענע רענדלעך!..

לאַקירדע: ווער האָט זיי געציילט?

באָרד: אַן אַקציע מיט דעמדאָזיקן אידן! (צו מאָזגאָוואָיער) האָבן אייער זיידנס קינדער, הייסט עס, געזוכט אומזיסט?

מאָזגאָוואָיער: ניט נאָר זיי האָבן געזוכט, אַלע האָבן געזוכט. די גאַנצע שטאָט האָט געזוכט. אַ סוואָרע, אַז דער אַלטער גראַף קסאַוועריִ האָט אליין אויך כיישעק געהאַט צו די דרייצן פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך, נאָר ער האָט ניט געוואוסט וואו...

באָרד: ניט געוואוסט וואו...

מאָזגאָוואָיער: קיינער האָט ניט געוואוסט וואו, און קיינער וועט ניט וויסן וואו, און אַז מע וועט וויסן וואו, וועט דעמאָלט קומען עפּשער די צייט פון מאָשיעך...

באָרד: די צייט פון מאָשיעך...

לאַקירדע: מאָשיעך?

דערבאַרמיקער: מאָשיעך!...

(אַלע פאַרזאָרגן זיך. אידל טאָרבע הערט זיך איין מיט איין אויער, די ווייבער ווארפן אוועק זייער שמועס און הערן זיך צו, ווי די מאַנסבלען רעדן, כאַפּן אונטער דאָס לעצטע וואָרט „מאָשיעך")

1־טע מאַרק־אידענע (צו דער צווייטער): הער נאָר, דאָרט האַלט מען שוין בא מאָשיעכן.

2־טע מאַרק־אידענע: האלעוואי, לאָז קומען מאָשיעך, אַבי פּאָטער ווערן פון די צאָרעס. גיט טראָגן אפן קאָפּ וואו נעמט מען פארן פּאָרעץ און פאר דירע־געלט און פאַרן גאָראָדאָוואָי...

3־טע מאַרק־אידענע: און די קינדער אף ברויט.

4־טע מאַרק־אידענע: ברויט יאַק ברויט, די קישקע וועט מויכל זיין. אָט איז היינט אַ טאָנעס, איז מען פּאָטער פון עסן. זעט איר, סכאַר־לימעד, וויי איז מיר, סכאַר־לימעד פאר די קינדער!...

(סונדערוווייטן שניידט זיך אַ שיין מיידל, אויסגעפּוצט אין אַ היטעלע, אַ זאָנטיקל, הענטשקעלעך. די ווייבער באַטראַכטן זי פון קאָפּ ביז פיס).

יענטע (צו באַשעווע מאָזגאָוואָיער): גאָט ליב אייך מיט אייער גאַסט. אייער טאָכטער גייט. (שטיל צו העניך) זי האָט זיך עס אַביסל אויס־געסטראָצלט לעקאָוועד שיוואָסאָר בעטאמוז...

**העני** (צו יענטען, שטיל): אַ מויד, ווי אַ צימעס. טאַטע־מאַמע ווערן פאַרכליאַנעט פון היץ, און זי שפּאַצירט ווי אַ גראַפיניע... (הויך, צו באַשעווען) אייער עסטערל, קיין איינאָרע, וואַקסט...

**אַסנע** (צו הענין שטיל): ווי אַ פּורים־קוילעטש... (הויך, צו באַשעווען) צייט אייך, באַשעווניו, אַ טראַכט טון מיקויעך...

**באַשעווע**: אַ שידעך? אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי גיך מיר וועלן איר געבן אַ כאָסן... לאָזן זיך זאָרגן די, וואָס האָבן מער דערוואַקסענע טעכטער... (די ווייבער קוקן זיך איבער, רעדן צווישן זיך שטיל. ס'קומט צו עסטער. דער פאָטער דערזעט זי, קומט ער צו צו זיין קראָם).

## עסטער

**מאָזגאָוואָיער** (צו דער טאָכטער): וואָס טוסטו דאָ פּלוצים אין אַזאַ היץ?

**עסטער**: איך האָב אייך געבראַכט אַ בריוו. טרעפט פון וואַנען?

**מאָזגאָוואָיער, באַשעווע**: פון וואַנען?

**עסטער**: פון אַמעריקע.

**באַשעווע** (אַ פּליעסק מיט די הענט): אַ דונער איז מיר! פון מיין בענין?

**מאָזגאָוואָיער** (צו דער טאָכטער): אַ דונער איז איר פון איר בענין! אַניט וואָלט איך געמיינט, אַז עמעצער נעמט צו באַ איר דעם פּלימעניק! וואָס שרייבט ער, דער טאַכשיט, פון אַמעריקע? אַ שאָק מיט יאָרן ניט געווען פון אים קיין בריוול. די ערשטע צייט פלעגט ער אַמאָל ארייַנשרייבן עטלעכע ווערטער, אַז ער „מאַכט אַ לעבן"... אַ מענטש זאָל גאָר „מאַכן" אַ לעבן! אַ פּרעע אָדאָם!... (צו דער טאָכטער) נו, לייען איר שוין איבער דאָס בריוול (וויל אליין אויך הערן, וואָס מ'שרייבט, טוט אָן די ברילן, ער זאָל בעסער הערן).

**עסטער** (זעצט זיך אַוועק נעבן דער מוטער אַף אַ בײנקעלע, לייענט דעם בריוו, ווערנד די מוטער האָט צונויפגעלייגט די הענט ווי צו אַ טפילע, און דער פאָטער קוקט דורך די ברילן אַרויף האַלב שמייכלענדיק, האַלט זיך באַם באָרד): „צו מיין ליבן אָנקל לייווי מאָזגאָוואָיער און צו מיין ליבער טאַנטע באַשעווע מאָזגאָוואָיער, לעבס וואָל. ערשטנס מעלד איך אייך, אַז איך בין אָללרייט..."

**מאָזגאָוואָיער**: וואָס איז ער?

**עסטער** (לייענט): „אָללרייט"...

**מאָזגאָוואָיער** (דרייט זיך אויס צו די איבעריקע קרעמער, אַף אַ קאָל): אידן! איר ווילט האָבן האַנאָע? קומט אַהער, וועט איר האָרכן אַ לאָשן מיט אַ שפּראַך! (די קרעמער קומען זיך צונויף איינציקוויס. די ווייבער הערן זיך צו פונדערווייטן. עסטער ווייסט ניט, וואָס צו טון. דער פאָטער ווינקט צו איר). וואָס ביסטו געבליבן שטיין? לייען, לייען.



**עסטער** (לייענט): „אַז איך בין אָללרייט. איך אַרבעט שוין מער ניט באַ יענעם. איך בין שוין אליין אַ באָס. איך פאַרמאָג מיין אייגנס אַ פאַרם מיט עטלעכע הונדערט אייקער לאַנד, מיט אַ הייזקע פון זעקס רומס, מיט אַ גאָרטן פון אַלערליי פּיירעס: עפּל און באַרן און טשעריס און פּיטשעס און גרייפּס..."

**מאָזגאָוואָיער** (לאַכט ברייטלעך): וואָס זאָגט איר אַף דעם טארגום אונקעלוס?

**באָרד**: עפּעס טערקיש...

**דערבארמיקער**: טאָטערש! אַ מענטש קען עס ניט פאַרשטיין...

**לאקירדע**: ווייל מיר קענען ניט. מיר זאָלן קענען, וואָלטן מיר פאַרשטיין...

**באָרד**: אַפילע דאָ דאַרף לאַקירדע אויך זאָגן פּאָפּעריק, יענעם אַף צעזעצעניש!

**מאָזגאָוואָיער** (צו דער טאָכטער): וואָס ביסטו געבליבן שטיין? לייען, לייען.

**עסטער** (לייענט): „...און פערד האָב איך אייגענע, און אָקסן, און וועגנס, און שליטנס, און אַ קערעדזש, וואָס איך פאָר אַרויס אלע זונטיק אַפן שפּאַציר, און ברויט אין די זעק, און געלט אין קעש..."

**מאָזגאָוואָיער** (צו די קרעמער): דאָס מיינט ער אין קעשעני... ס'וואָלט אָבער אַלצדינג געווען גוט, ווען ס'זאָל זיין אַן עמעס. דער כיסאָרן איז, וואָס כל היוצא מפיו איז שעקער וועקאָזעוו...

**באָרד**: אפן הימל א יאַריד, אין פּאָליש א באַר־מיצווע.

**עסטער** (לייענט ווייטער): „...און עווערייטינג מיט מיינע אייגענע הענט... און איך האָב קיין כאַראָטע, וואָס איך האָב מיך אַוועקגעלאָזט אהער, אין דהיז קאָנטרי, וואו יעדער קאָן מאַכן א לעבן, אבי ער פוילט זיך ניט און וויל אַרבעטן. איין זאַך נאָר, וואָס איך בין א סינגעל־מאן, איינער אַליין, איך וויל גיין הייראַטן און קאָן מיר ניט צו־קלייבן אַ פרוי, איך וויל א פרוי א היימישע, פון מיין סטייט, וואו איך בין געבוירן. איך רעכן, אויב מיינע ביזנעס וועלן מיר דערלויבן, וועל איך קומען צו אייך צו גאַסט, און אין איין וועגס זיין אַף קיווער־אָוועס בא מיינע עלטערן. און גריסט אייער טאָכטער עסטער. ווען איך בין אַוועק פון אייך, איז זי נאָך געווען א בייבי, ניט אַלט געווען קיין יאָר אַפילע, איצט קער זי שוין זיין א גרויסע. איך שיק אייך דאָ מיין פּיקטשור און בעט אייך אייערע פּיקטשורס..."

**מאָזגאָוואָיער**: וואָס? וואָס?

**עסטער**: ער מיינט דאָס בילד, אָט איז דאָס. (נעמט אַרויס פון קאָנווערט א פּאָרטרעט, ווייזט דאָס דעם פאָטער און מוטער. פון זייערע הענט גייט דאָס בילד צו די קרעמער און צו זייערע ווייבער. יעדער באַטראַכט דאָס מיט אַן אַנדער מינע. באַשעווע ווישט די אויגן פאר פרייד).

מאַזגאָוואָיער (צו באַשעווען): ציג! וואָס ווינסטו? דאַנקען גאָט כאָטש דערפאַר. איך האָב מיך דערוף אויך ניט געריכט... (צו די קרעמער) פון קינדווייס אָן געווען א גאָרניט, אן אויסוואורף, לערנען ניט געוואָלט, כאָטש אַפילע געהאַט נישקאָשע פון א קעפל... זיך אויס־געהאַלטן בא מיר, א יאָסעם נעבעך... ער האָט זיך געריסן צו א מעלאָכע שטענדיק. האָב איך צו א מעלאָכע ניט געוואָלט אים אָפּגעבן... בא אונז אין דער מישפּאָכע איז נאָך ניט געווען ניט קיין באַלמעלאָכע, ניט קיין מעשומעד... (קוקט אפן בילד, שפּיגלט זיך). זעט אויס א מענטש... מאַיסע סויכער... (ווייזט דאָס בילד צו די איבע-ריקע קרעמער).

באָרד: מאַיסע סויכער...

מאַזגאָוואָיער: פון קינדער ווערן לייט...

באָרד: פון קינדער ווערן לייט...

לאַקירדע (קוקט אפן בילד): זעט אויס ווי א קאָמעדיאַנט, ווי א קאַטע־רינשטשיק... ניט קיין באָרד און ניט קיין וואָנצעס...

באָרד: קאָן דאָס זיין, אַז בא לאַקירדען זאָל דאָס אָפּלויפן גלאַט? (צו לייווי מאַזגאָוואָיער) ווייסט איר, וואָס איך וואָלט אייך געזאָגט?

מאַזגאָוואָיער: דעהאַינע, לעמאָשל? (נעמט זיך באַם באָרד, מאַכט צו די אויגן).

דערבאַרמיקער (האַלט צו מענדל באָרד פאר א האַנט, צו מאַזגאָוואָיער): איך וועל אייך טרעפן, וואָס ער וויל אייך זאָגן. ס'איז מיר איינגעפאַלן דיזעלביקע מאַכשאָווע בעשאַס איר האָט געלייענט דאָס בריוול...

באָרד (כאַפּט אויס די ווערטער בא דערבאַרמיקער פון מויל): ס'איז פאר אייער טאָכטער ווי אָנגעמאָסטן...

דערבאַרמיקער: אַ זיוועג מין האַשאָמאַים!

מאַזגאָוואָיער (צום ווייב): באַשעווע, דו הערסט?...

באַשעווע: אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך!... (צו עסטערן) וואָס שעמסטו זיך אזוי, טאָכטער? ס'א אידישע זאַך...

לאַקירדע: שאַט! איר האָט זיך געזאָרגט, מע לייזט קיין געלט ניט, — אָן גייט אַ קוינע... (דאָס וואָרט „אַ קוינע" ווירקט ווי אַ באָמבע. אַלע טוען זיך אַ וואָרף צו די קראָמען. עס קומט אָן וולאָצלאַווסקי).

## וולאָצלאַווסקי.

וולאָצלאַווסקי (אָנגעטון אַ קורצן ווייסן באַלאַכאָן אף אַ לאַנגן שוואַרצן ראָק, אַ ברייטן דאַשעק איבער די אויגן, א גרויסער פאַראַסאָל פון געלער פאַרוסינע אין די הענט. — בלייבט שטיין מיט איין האַנט אין דער זייט, דעם קאָפּ ארויף, באַ-טראַכט דעם גאַנצן מאַרק. — אַלע אויגן קוקן אף אים).

באָרד (סונדערווייטן צום פאָרעץ): דזיען דאָברי, וויעלמאָזשני פאַני!

לאַקירדע: וואָס קויפט דער פאָרעץ?



דערבאַרמיקער (בייגט זיך צום פאָרעץ סונדערווייטן): שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען דעם פאָרעץ!

מאַזגאָוואָיער (שטופּט אָפּ די איבעריקע קרעמער): איר זעט דען ניט, אַז דער אָדון גייט צו מיר? (צום פאָרעץ, ווייזט אים אף זיין קראָם) פּראָשען! פּראָשען! (צו באַשעווען) בעהיימע! וואָס זיצסטו? שטיי אוף, בעט אים אין כנוס אריין, טאָמער וועט ער עפּעס קניע'ן! (באַשעווע שטייט אוף, באַגעגנט דעם פאָרעץ מיט אַ ליכטיק שמייכעלע. אויך די מאַרק-ווייבער שטייען אוף, ווייזן דעם פאָרעץ אף די שטעלעכלעך, רעכענען אים אויס, וואָס זיי האָבן).

1־טע מאַרק־אידענע: פאָרעצעניו! צוקערקעס באַרדזאָ סליטשנע, סטיינ־געס, סירעווע פאָדעם, פאַני, קאָשערע זייף, קעבעבע מיט לאַקריץ!...

2־טע מאַרק־אידענע: באַלויסכאָ, פאַני! אינדיק־זוימען, מיליוטן מיט סעקוטן. באַרדזאָ פּושעיעמנע צום הוסט!...

3־טע מאַרק־אידענע: דאָברע אַגמעסנעפּעש, פאַני, אידישער גאָלעס, סיפקע צאָרעס, אומזיסטע יעסורים!...

וולאָצלאַווסקי (אין גוטן מוט): פּסיאַ קרעוו, מאַלכאַמאָוועסי! ניך ניע פאָטשעבנע, פיינע בעריע באַלעבוסטע! (ווייזט מיטן שירעם אפן כאַלפן) דאָ טעגאָ לידאַקו! (גייט צו אידלען). יאַק סיע מאש, פאַן יודקאָ, לעכאַים קאַפּאָרעס?

טאָרבע (כאַפּט אראָפּ דאָס היטל פארן פאָרעץ, קוקט מיט גאַדלעס אף די קרעמער): דזיען דאָברי, פאַני, וואָס הערט זיך נייעס, פאַני? (טרעט אים אָפּ זיין ביינקל, לייגט בא איינער פון די מאַרק-ווייבער אן איבערגעקערט קעסטל פאר זיך).

וולאָצלאַווסקי (צו אידל טאָרבע): סיאַדאַי, יודקאָ, בענדעמאָ שמועסן כאַלוימעס. (זעצן זיך אוועק איינס אַקעגן דאָס אַנדערע, רעדן שטיל).

באָרד (צו לייווי מאַזגאָוואָיער): איר זיינט דאָך עפּעס אַ איד אַ קאָפּ־מענטש, וואָס, העכנט איר, קאָן דער אָדון דאַבערן מיטן כאַלפן?

דערבאַרמיקער: אַוואַדע מיקויעך אַן האַלוואָעלע, פון וואָס דאַבערט אַ אָדון מיט אַ יעהודי?

לאַקירדע: פונוואַנען איז געדרונגען?

באָרד: אַ! לאַקירדע איז דאָ מיט זיינעם!

מאַזגאָוואָיער: און איך וועל אייך זאָגן, אַז איר זיינט אלע בעהיי־מעס. דאָס רעדט ער מיט אים מיקויעך דעם, וואָס איך האָב אייך דערציילט... (צום כאַלפן סונדערווייטן) רעב אידל סערדצע! אנו, טוט נאָר אַ טאַפּ דעם אָדוין האַקאָטן וועגן דעם אָדוין האַגאָדל, וועגן דער מאַיסע, וואָס דער מעשומעד האָט מיט מיר נעכטן גערעדט...

טאָרבע (צו מאַזגאָוואָיער סונדערווייטן): יעהודי בעלוי, דער אָדוין איז מייוון קאָל דיבער...

וולאָצלאַווסקי (צום כאַלפן): וואָס וויל פון דיר טען אַפּיקוירעס? (ווייזט אף מאַזגאָוואָיער; דערזעט עסטערן, גלייכט זיך אויס, דרייט זיך די וואָנצעס) יאקאַ לאַדנאַ צורקאַ או טעגאָ מאַיאָפּעס! (ווינקט מיט די אויגן צו עסטערן).

**עסטער** (קאָן ניט איבערטראָגן וולאָצלאַווסקיס קוקן, הייבט זיך אויף אוועקצוגיין): מאַמע, איך גיי אַהיים!

**באַשעווע**: גיי, טאָכטער, און זאָג זעלדען, זי זאָל אויסזאַלצן דאָס פערטל אָף און צושטעלן אַ יאַיכל פארן טאַטן אַף אָפּצופּאַסטן זיך פונם טאָנעס. (עסטער גייט אהיים. אַלע ווייבער באַגלייטן זי מיט די אויגן).

(עסטער אָפּ)

**יענטע** (צו הענין): טרעט אַרויס, ווי אַ גאָלדענע פּאַווע...

**העני** (צו יענטען): דעם גראַף בראַניצקיס טאָכטער...

**אסנע** (צוביידן): מיינס, אַז קיין שענערס פון איר איז שוין אַף דער וועלט ניטאָ! (צו באַשעווען) הערט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, באַשעוועניו, איר האָט מיט אייער טאָכטער גאָרניט וואָס צו דאיגענען; אַ שיין מידל, זאָגט מען, איז אַ האַלבער נאַדן.

**באַשעווע**: אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך... (עס באַווייזט זיך פונדערווייטן אַווראַמעלע מעלאַמעד, פירט איציקן פאר אַ האַנט, איציק וויינט).

## אווראַמעלע מעלאַמעד, איציק.

**באָרד** (צו די איבעריקע קרעמער): זעט נאָר, וואָס גייט עפּעס פלוצלינג אַהער אַווראַמעלע דער מעלאַמעד מיטן כאַלפנס קאַדעש?

**דערבארמיקער**: מיסטאָמע האָט זיך אידלס בען פאַרזינדיקט, פאַר־שטיפט אַ מאיסע אין כיידער, פירט ער אים צושטעלן אַ ביינ־קעלע צום טאַטן.

**לאַקירדע**: פון וואַנען איז געדרונגען?

**באָרד** (צו לאַקירדען): זאָגט נאָר, לאַקירדע, ווען וועט איר אמאָל אופהערן פרעגן קאַשעס און איינעסן זיך אין די גארגערעס?

**מעלאַמעד** (פירט צו איציקן גלייך צום כאַלפנס טישל, ווערנד דער כאַלפן איז פאַר־טיפט אין אַ שטילן שמועס מיטן פאָרעץ): איך האָב אייך געבראַכט צו פירן אייער קליינעם. ס׳קאָן זיין, אַז ער איז שולדיק, ס׳קאָן זיין, אַז ניין. איך האָב אים דערווייל, איך בעט איבער אייער קאָוועד, אַריינגעצימבלט...

**טאָרבע** (פאַלט אָן אפן מעלאַמעד): וואָס דולט איר אַ ספּאָדעק? איר זעט דאָך, אַז מע רעדט מיט אַ פּאָרעץ! (מעלאַמעד טרעט אָפּ, ס׳רינגלען אים אַרום די קרעמער).

**באָרד**: וואָס איז די מאיסע, רעב אַווראַמל, וואָס וויינט ער, דער קליינער?

**דערבארמיקער**: דער יונגאַטש האָט, אַפּאָנים, אָפּגעטון אַ רעכט שפּיצל?

**מעלאַמעד**: איך וועל אייך זאָגן, אידן, ס׳קאָן זיין, אַז ער איז שולדיק, ס׳קאָן זיין, אַז ניין. די מאיסע איז אַזוי געווען, די מאיסע: שיוואָסאָר בעטאַמוז איז בּאַ מיר אַ מינעג, איך לאָז די קינ־דער ביז האַלבן טאָג פריי, זיי זאָלן זיך שפּאַצירן, און נאָך האַלבן טאָג זעצן מיר זיך לערנען, איבערכאַזערן די סעדרע פון דער וואָך. איך זע עפּעס, מיינע טאַלמידים שושקען זיך... איך האָב פיינט סוידעס, איך... פרעג איך זיי: קינדער, וואָס איז? זאָגן זיי: גאָרניט, אַ רענדל... פרעג איך זיי: וואָס פאר רענדלעך? זאָגן זיי: אַ גאָלדן רענדל האָט ער געפונען — און ווייזן מיר אפן קליינעם. איך טו מיך אַ נעם צום קליינעם: איציק, וואו האָסטו געפונען אַ רענדל, איציק? — זאָגט ער: געפונען... זאָג איך: וואו?.. זאָגט ער: אפן אַלטן בייסוילעם. זאָג איך: איציק, דו לייגסט, איציק, דיין טאַטע איז אַ כאַלפן, זאָג איך, דו האָסט דאָס גע־גאַנוועט בּאַ דיין טאַטן... האָב איך אים קוידעם, איך בעט איבער אייער קאָוועד, אָפּגעשמיסן און געבראַכט צו פירן צו זיין טאַטן, הערן, וואָס זיין טאַטע וועט זאָגן...

**מאָזגאָוואָיער** (צו די איבעריקע קרעמער): געפעלט אייך די מאיסע? (כאַפּט דעם מעלאַמעד מיטן אינגל, פירט זיי צו צום כאַלפן) רעב אידל, וואַרפט אַוועק דעם אָדוין און הערט בעסער אַ שיינס פון אייער זון!

**טאָרבע** (דערשראָקן): הא? וואָס איז דען? (צום מעלאַמעד) וואָס האָט ער געטון?

**מעלאַמעד**: גאָרניט. די מאיסע איז אַזוי געווען, די מאיסע: שיוואָסאָר בעטאַמוז איז בּאַ מיר אַ מינעג — איך לאָז די קינדער פריי ביז האַלבן טאָג, זיי זאָלן זיך שפּאַצירן, און נאָך האַלבן טאָג זעצן מיר זיך לערנען, איבערכאַזערן די סעדרע פון דער וואָך. איך טו אַ קוק, מיינע טאַלמידים עפּעס שושקען זיך. איך האָב פיינט סוידעס, איך... רוף איך מיך אָפּ צו זיי: קינדער, וואָס איז? זאָגן זיי: גאָרניט, אַ רענדל... זאָג איך צו זיי: וואָס פאַר רענדלעך?.. זאָגן זיי: אַ גאָלדן רענדל האָט ער געפונען, און ווייזן מיר אָן אף אייער קליינעם, אף איציקן, הייסט עס... איך טו מיך אַ נעם צום קליינעם: איציק, וואו האָסטו געפונען אַ רענדל, איציק?... זאָגט ער: געפונען... וואו?... אַפן אלטן בייסוילעם. זאָג איך: איציק, דו לייגסט, זאָג איך, דו האָסט, זאָג איך, אַ טאַטן אַ כאַלפן, זאָג איך, דו האָסט דאָס בּאַ אים געגאַנוועט, זאָג איך, און האָב אים קוידעם, איך בעט איבער אייער קאָוועד, אריינגעבראָקט שיינע עטלעכע שמיצלעך און געבראַכט אים צו פירן צו אייך מיטן רענדל — אָט איז דאָס רענדל! (גיט דעם כאלפן אַ גאָלדענע מאַטבייע. אַלע שטעלן זיך ארום כאַלפן, ווילן זען דאָס רענדל. דער כאַלפן באטראַכט דאָס רענדל, וועגט דאָס אף דער האַנט, קלינגט אין טישל, רייבט מיטן נאָגל, פּרואווט אף די ציין).

**טאָרבע**: ניין, דאָס רענדל איז ניט מיין רענדל. איך האָב שוין לאַנג אַזע־לעכס ניט געהאַט און ניט געזען אַפילע. דאָס איז נעבעך אן עמעס רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן פון די נאַפּאָלעאָנס, וואָס פלעגט אמאָל זיין.

**מאָזגאָוואָיער** (הייבט אוף די הענט): אידן! איר הערט? (צום חייב פונ־דערווייטן) באַשעווע, וואו ביסטו? ס'איז מיר ניט גוט! מיין איך, ס'איז מיר גוט! ס'איז אונז גוט! ס'איז אונז אַלעמען גוט!

**באַשעווע** (לויפט צו צום מאַן, נאָך איר די איבעריקע ווייבער): גאָט איז מיט דיר, לייווי, וואָס איז דיר?

**מאָזגאָוואָיער**: גאָרניט, גאָרניט... אידן! מאַזלטאָוו, מיר זיינען אופגעריכט געוואָרן! מיר זיינען געהאָלפן! ס'איז דער כאָלעם! ס'איז מיין כאָלעם! (לויפט ארום הין און צוריק) איך פאַרשטיי שוין! איך ווייס שוין, וואו דער אויצער ליגט! ער איז אפן בייסוילעם, אַפן אלטן בייסוילעם: דאָרט ליגט מיין טאַטע, אָלאָוו האַשאָלעם, און מיין טאַטנס טאַטע! דאָרט האָט אים, אפאָנים, נאַפאָלעאָן באַהאַלטן. ס'איז קלאָר, ווי דער טאָג! דרייצן פעסלעך גאָלדענע רענדלעך!... אידן, וואָס שטייט איר? וואָס טראַכט איר? לאָמיר גיין! לאָמיר לויפן! לאָמיר נעמען אָט דעם אינגל און לאָמיר גיין אפן אַלטן בייסוילעם זוכן דעם אויצער!... (כאַפּט איציקן פאַר אַ האַנט. דער גאַנצער אוילעם איז עקזאַלטירט. אַלע פּנימער זיינען טויט. די ווייבער ברעכן די הענט. ס'הערן זיך קוילעס: „אויצער!... אַן אויצער!... דער אויצער!..״).

**טאָרבע** (געשטאַנען ביז אַהער ווי געפּלעפט, טוט מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ, אַ שאַר צונויף דאָס גאַנצע געלט צו זיך אין דער סיראַטעגער קעשענע, טוט זיך האַסטיק אַ לאָז צו לייווי מאָזגאָוואָיער, רייסט ארויס איציקן פון זיינע הענט, איז אויסער זיך): יעהודי! פאַוואָלי, פאַוואָלי מיט די יאָדאַים! ער כאַפּט! ער לויפט! ער וועט לויפן! וואוהין? וואוהין וועט איר לויפן?

**מאָזגאָוואָיער**: וואָס הייסט וואוהין? נאָכן אויצער!

**באָרד**: נאָכן אויצער!

**דערבאַרמיקער**: זוכן דעם אויצער!

**די ווייבער**: דעם אויצער! דעם אויצער!

**טאָרבע**: וואָסער אויצער? וואָסערע לאָקשן? נאַ דיר גאָר אַן אויצער! אַ נעכטיקער טאָג! מאַלע וואָס אַ קינד פּלעשטשעט! אויצער—שמויצער!..

**מאָזגאָוואָיער**: אַזאַ מאַיסע? אַ קינד פּלעשטשעט? רעב אידל! די קונצן פאַרשטייען מיר! (צום אוילעם) וואָס זאָגט איר, איך בעט אייך, אף דעם כאָכעם? ער וויל אונז אלעמען אָנפייפן, דער כאַלפן!

**באָרד**: אָנפייפן, אָט דער כאַלפן!

**דערבאַרמיקער**: טאָמער האָט דער אייבערשטער ראַכמאָנעס געהאַט, אונז צוגעשיקט אַן אויצער...

**לאַקירדע**: וואָס מע ווייסט נאָך גאָרניט, אויב עס האָט אַ מאַמאָשעס...

**מאָזגאָוואָיער** (צו לאַקירדען): פאַרשטייט זיך! איר דאַרפט דאָך האַלטן מיטן כאַלפן! איר דאַרפט איבערשפאַרן די גאַנצע וועלט! (צום כאַלפן)



ר' אידל! ס'וועט אייך העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס! אידן! וואָס שווייגט איר? (ס'ווערט אַ גרויסער טומל).

**טאָרבע** (שטאַרק צעטראָגן און פאַרשוויצט, צו לייווי מאָזגאָוואָיער): אי, פע! שעמען מעגט איר זיך! אַ איד אַ באַרדאַס, קיין איינאָרע! אַ קאָפּמענטש! מאַכט אַ טאַראַראַם פון אַזאַ נאַרישקייט, פון אַ רענדל! נו, רענדל, מיילע וואָס־זשע איז? אַ רענדל!...

**מאָזגאָוואָיער**: אַ רענדל, זאָגט איר? רענדלעך, רעב אידל, רענדלעך, ניט קיין רענדל! דרייצן פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך! וואָס מיינט איר? ס'וועט אייך אָפּלויפן אָט אַזוי אָ? (צום אוילעם) אידן! איר הערט? אַ רענדל, זאָגט ער!...

**טאָרבע** (לאָזט אויס זיין האַרץ צו איציקן און צום מעלאַמעד): וואַרט, וואַרט, דו ליימענער גוילעם, וועסט שוין בא מיר האָבן רענדלעך! (צום מעלאַמעד) פערע אָדאָם, וואָס איר זיינט! וואָס זיינט איר געקומען? ווער האָט געשיקט נאָך אייך? (נעמט איציקן פאַר אַ האַנט, וויל גיין). קום, אין דער ערד אריין, אַהיים!

**מאָזגאָוואָיער** (פאַרשטעלט אים דעם וועג): אַהיים? אָבער גאָר לוי! אַז גיין, וועלן מיר שוין גיין אלע אינאיינעם! יאַכדאָוו! ווייסט איר דעם פשאַט פון יאַכדאָוו? דאָס איז אַ בעפיירישער דין בא אונז: אַז איינער געפינט אַ זאַך, און דער אַנדערער לאָזט ארויס דאָס וואָרט „יאַכדאָוו״ — איז פאַרפאַלן!

**באָרד**: פאַר — פאַלן!

**מאָזגאָוואָיער**: אויביסראַט נאָך בא אַזאַ זאַך, ווי אַן אויצער. ווי־באַלד אַן אויצער — געהער ער צו אַלעמען. אידן! וואָס שווייגט איר? (דער טומל ווערט וואָס ווייטער שטאַרקער. פאַר גרוים אימפעט האָט מען פאַרגעסן אינם פאָרעץ. מ'האָט אים אָפּגעשטויסן אַף אַ זייט).

**וולאָצלאווסקי** (פאַרלירט זיין געדולד, טרעט ארויס): פּסיאַ קרעוו, מאַלכאַ־מאָוועסי! צאָ טו זאַ האַרמידער?

**מאָזגאָוואָיער** (צום אוילעם): אַ כילעלאַשעם פארן פאָרעץ, כ'לעבן! לאָז דער פאָרעץ אויך וויסן פון דער מאַיסע! אידן, לאָזט מיך, איך קען פויליש! (רעדט צום פאָרעץ האַלב אַף אידיש, האַלב אַף פויליש, ווייזט מיט די הענט) פּאַני! טען כלאָפּעק (ווייזט אַף איציקן) לערנט זיך בא אָט דעם זשידעק (ווייזט אפן מעלאַמעד). האָט ער געפונען אַ רענדל אַ טשערוואָניעץ, פון דעם אויצער, פּאַני, פון דעם סקאַרב, וואָס געפינט זיך בא אונז אפן צמענטאַרזש, בייסוילעם, פּאַני...

**באָרד**: בייסוילעם, פּאַני...

**מאָזגאָוואָיער**: דאָרט ליגט מיין טאַטע, אָיציעץ, פּאַני, און מיין טאַטנס טאַטע — ווּשיסטקע מאָזגאָוואָיערס ליגן דאָרטן.

**באָרד**: אַלע מאָזגאָוואָיערס ליגן דאָרטן...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרד): ווער בעט אייך, איר זאָלט מיר העלפן רעדן? איך קאָן אליין. (צום פאָרעץ) האָט ער, הייסט עס, געפּרנען דאָרטן נאָר וואָס אַ זלאָטע, פאַני, אַ רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן פון די נאַפּאָלעאָנס, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט דאָ אמאָל באַהאַלטן... דער פאָרעץ דאַרף וויסן וואָסער נאַפּאָלעאָן...

וואָלצלאַווסקי: נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, וואָס איז געגאנגען שלאָגן קאַפּאָרעס מיטן מאָסקאל אָוו ראָקו טיסיאָנצי אָשים סאָט דוואַנאַשטי?...

מאָזגאָוואָיער (אופגעלעבט, צום אוילעם): אָ! איר הערט? דער פאָרעץ ווייסט! מיין טאַטע... (צום פאָרעץ) מיין אָיציעק, פאַני, האָט מיר שוין לאנג געזאָגט... (צום כאַלפן) וואָס ווינקט איר צו מיר? ס'וועט אייך ניט העלפן קיין ווינקען! דער פאָרעץ איז ניט אַזאַ פאָרעץ...

באָרד: ניט אַזאַ פאָרעץ...

וואָלצלאווסקי (מיט קאַס): צאָ טו זאַ כאדגאדיע, שאַכער־מאַכער? (טוט אַ זעץ מיטן שירעם איבערן כאלפנס טישל). פסיאַ קרעוו, ווּשיסטקאָ סיאַ נאַליעזשע דאָ פאַנאַ גראַביא, שאלאכמאָנעסי!

מאָזגאָוואָיער (צום אוילעם): דער פאָרעץ זאָגט, אז דער אויצער געהערט גאָר צום גראַף. (דער אוילעם שטוינט).

טאָרבע (קומט צו זיך, ווענדט זיך צו מאָזגאָוואָיער): נו? וואָס האָט איר געפּועלט מיט אייער געפילדער? ניט פאַרגונען יאַנקעוון, וועט איר עס אַוועקגעבן אייסעוון... זיך דערשפילט!...

מאָזגאָוואָיער (נאָך אַ קורצער פויזע, טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן): שאַט, אידן! איך בין געפאלן אף אַ גלייכס. איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער! איך קום ארויס, פארשטייט איר מיך, פון די מאָזגאָוואָיערס!

באָרד: פון די מאָזגאָוואָיערס...

מאָזגאָוואָיער: איך געפין, אַז ס'איז גאָר אַ מאילע, וואָס דער פּאָרעץ ווייסט פון דעם אויצער. מיר דאַרפן זען, אַז דער פאָרעץ זאָל האָבן אַ כיילעק אין דעם אויצער גלייך מיט אונז, וועט דאָס אונז צונוץ קומען פארן הויף, וואָרום טאָמער, פארשטייט איר מיך, ווערט מען געוואָר אין הויף און מ'גיט אַ יעדיע דעם גראַף, אַז מיר האָבן אן אויצער, דרייצן פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך, קען ער האָבן אַן אַפּעטיט צו די רענדלעך. ער דארף זיי נעבעך זייער נייטיק אין מאָנטעקאַרל צו דער שפּיל...

באָרד: צו דער שפּיל...

מאָזגאָוואָיער (צום פאָרעץ): פאַני! איך לייג פאָר, פאַני, אַז דער פאָרעץ זאָל האָבן אַ כיילעק, זיין אַ שוטעף, פאַני, צום אויצער, גלייך מיט אונז אלע, פאַני!

וואָלצלאַווסקי (ביידע הענט אונטער די זייטן): כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך?



מאָזגאָוואָיער: כיילעק קעכיילעק, פאַני, יאַק באָגא קאָכאַם! (צום אוילעם) פאָלגט מיך, אידן, לאָמיר שלאָגן מיטן פאָרעץ בלאַט! זייט מאַסקים און זאָגט: זגאָדאַ! שרייט־זשע, אידן: זגאָדא!

אַלע: זגאָדא! זגאָדא!...

מאָזגאָוואָיער: הערט־זשע, אידישע קינדער, און דער פאָרעץ, פאַני, לאָז אויך הערן... גאָט האָט אונז צוגעשיקט א גליק, אן אויצער, פאַני, וואָס טרעפט איין מאָל אין טויזנט יאָר. דאַרפן מיר זיך קויִדעם געבן דאָס הייליקע וואָרט, אַז מיר זיינען אַלע אָט דאָ־אָ גלייכע שוטפים... מיסטאַמע איז דאָס אונזער גליק, שטשענסטיע, נאַש מאַזל, פאַני...

באָרד: נאַש מאַזל, פאַני...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרד): ווער בעט אייך, איר זאָלט אונטערשטופן דעם וואָגן? (צום אוילעם, פאַרקאַטשעט די אַרבל) אָדער, שאַט, ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר גיין אַלע צום ראָוו, טאַקע באַלד! (צום פאָרעץ) דאָ פאַנאַ ראַבינאַ, פאַני, מיר האָבן א ראָוו, פאַני, אן אויצער, ניט קיין ראָוו.

באָרד: אן אויצער, ניט קיין ראָוו...

וואָלצלאַווסקי: דאָבזשע, זשידע, פּוידעמאָ דאָ פאַנאַ ראַבינאַ.

מאָזגאָוואָיער: אידן, איר הערט? ס'אַ גאָלדענער פאָרעץ דאָס איז! ער איז מערוצע זיך פאַרלאָזן אף אונזער ראָוו! ס'אַן אויצער, ניט קיין פאָרעץ!

באָרד: אן אויצער, ניט קיין פאָרעץ!

מאָזגאָוואָיער (מיט גרויסקייט, אין דער ראָלע פון א גענעראַל־קאָמאנדיר): געדיינקט־זשע, קינדער, אַכדעס! אַכדעס! און בעסאָד, האַלט ס'מויל, וואָרום ס'איז אן אויצער! אן אויצער איז, פאַרשטייט איר מיך, אן איידעלע מאַטעריע! אן אויצער האָט מוירע פאַר א גוט־אויג...

באָרד: פאַר אַ גוט־אויג!...

מאָזגאָוואָיער: און מער פון אַלץ דארף מען זיך היטן פאַר אונזער גאָראָדאָוואָי, אימאַך שמוי וועזיכרוי! וואָרום טאָמער ווערט כאָלילע געוואָר אָט די פיאַווקע האָלאָוועשקע, קומען זאָל אַף אים אַ כאָלערע, ריבוינע שעל אוילעם!

באָרד: אַ כאָלערע, ריבוינע שעל אוילעם!

(אין דער מינוט וואַקסט אויס ווי פון אונטער דער ערד האָלאָוועשקע)

## האָלאָוועשקע

(אין זיין אוניפאָרם אלט פּאָליציסט, מיטן שווערד איבער די אויסגעבויגענע פלייצעס.—דאָס היטל מיט דער קאָקארדע אף די שווארצע געגרייזלטע האָר זיצט, ווי אן אוירעך.— אף דער ברוסט א ציילעם.— זיינע עכט אידישע אויגן קוקן אפן גאַנצן אוילעם.— דער אוילעם קוקט אף אים.— אלע זעען אים, אַכוץ לייווי מאָזגאָוואָיער און אכוץ מענדל באָרד).

**מאַזגאָוואָיער** (צו וולאַצלאַווסקין) : אָט דער האָלאָוועשקע, פּאַני, זיין זאָל ער פאַר אייך די קאַפּאָרע, פּאַני!

**באָרד** : די קאַפּאָרע, פּאַני!

(האָלאָוועשקע הערט, ווי מע שעלט אים. מאַזגאָוואָיער ררייט אויס דעם קאָפּ צוריק, וואו דער אוילעם קוקט, דערזעט דעם גאָראָדאָוואָי, כאַפּט אראָפּ פאר אים דאָס היטל, פארנייגט זיך צו אים גאנץ העפלעך. האָלאָוועשקע ענטפערט אים אָפּ מיטן זעלבן אויפן. לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג).

---






# צווייטער אַקט.

(באַ לייווי מאַזגאָוואָיער — א פּאָשעטע באלעבאַטישע שטוב.—באלעבאטיש מעבל: אַ גרויסער טיש, אַ גרינע קאַנאַפּע, אַן אַלטמאָדישער שפיגל, א שוואַרצוואַלדער וואַנטזייגער מיט שווערע געוויכטן און מיט אַן אומרו.— אָף די ווענט—בילדער: מוישע מאָנטעפיאָרע, ראמבאַם, אבאַרבאַנעל. א גע-שניצטער מיזרעך.—צוויי טירן: איינע אנפאס, אין דרויסן ארויס; די צווייטע—אַן איבעווייניקסטע. — באשעווע אָנגעטאָן שאַבעסדיק ווי א מעכוטע-נעסטע, דאָס ייידענע טיכל אַרונטער די אויערן, עס באַמבלען זיך צוויי לאַנגע זילבערנע אוירינגלעך. זי גרייט צו ליכט, לאָמפּן, דעקט צום טיש...—אין א ווינקעלע זיצט עסטער, דאָס פּאָנים אין די הענט.—פאַרנאַכט, האַלבפינצטער, די זון איז אויסגעלאָשן, קיין פייער ברענט נאָך נים).

**באַשעווע**: נו? עסטערל? ווען וועסטו זיך שוין אָנטון? שוין צייט. עס ווערט נאַכט. אָקאָרשט ווי מע זעט ניט, קומען זיך צונויף געסט. קיין סאַך מענטשן וועלן מיסטאָמע ניט זיין. דער טאַטע האָט אַפילע געהאַט בעדייע צונויפרופן די גאַנצע שטאָט, מאַכן אַ קנאַסמאָל, ס'זאָל קלינגען. נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז עס איז ניט קעדאַי אופצורייסן דער וועלט די אויגן. די וועלט איז אונז אַזוי אויך גענוג מעקאַנע אַפן שידעך: אַ קלייניקייט אַזאַ גליק—דורך אידלען ווערט געהאָלפן אַ גאַנצע שטאָט... (פּריזע) עסטער!... וואָס שווייגסטו, עסטערל?... (גייט צו, קוקט זיך איין אין דער פינצטער) אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן! דו וויינסט שוין ווידער? האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, קינד מיינס, אַז דו וועסט שוין מער קיין יעסורים דער מאַמען ניט אָנטון... (זעצט זיך אוועק נעבן איר, זיפצט, לאָזט אראָפּ די הענט). פאַרוויסט און פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן. צו וואָס לעב איך אַף דער וועלט?...

**עסטער** (פאַלט-צו צו דער מוטער): מאַמע, לאָז מיך אויסוויינען מיין ביטער האַרץ. לאָז מיך געזעגענען זיך מיט מיינע יונגע יאָרן... (וויינט)

**באַשעווע** (דריקט זי צו צום האַרצן): נו, נו, נו, גענוג, טאָכטער מיינע, גענוג. גלויב מיר, איך וויים, איך בין דאָך אַ מאַמע, און א מאַמעס האַרץ פילט... איך בין אַליין אויך געווען אַמאָל אַ מיידל, און אַז איך בין אַ קאַלע געוואָרן פאַר דיין טאַטן—איך געדיינק עס אַזוי ווי היינט, —האָב איך קאַרג, מיינסטו, געוויינט? וואָרום כאָטש דיין טאַטע „קומט אַרויס פון די מאַזגאָוואָיערס”, פונדעסטוועגן, אַזאַ שטיק

גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי אַלע האָבן געלאַכט פון דעם שידעך... זיי האָבן געלאַכט, און איך האָב געוויינט. איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבן געלאַכט, איך ווייס ניט, וואָס איך האָב געוויינט...

**עסטער:** איך ווייס שוין יאָ, וואָס איך וויין. איך וויין אַף דעם אומגליק, וואָס אַף מיר האָט זיך גענומען. אַף דעם אויצער, דעם מאַלכאַמאָוועס מיינעם!...

**באַשעווע** (קוקט זיך ארום): ששש... רעד ניט אַזוי הויך, טאָמער כאָלילע דערהערט דער טאַטע... ער איז אַזוי אויך די לעצטע צייט, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, ריין מעשוגע; ער עסט ניט, ער טרינקט ניט, עס קומט קיין שלאָף אַף זיינע אויגן. און אַז ער ווערט שוין יאָ אַמאָל אַנשלאָפן, כאַפּט ער זיך אוף אין איין שרעק מיט אַ שמאַ־איסראָעל—וואָס איז? — עס האָט זיך אים, זאָגט ער, געכאָלעמט, אַז האָלאָוועשקע דער גאָראָדאָוואָי האָט געבראַכט פּאָליציע און מע האָט באַפאַלן דאָס אַלטע בייסוילעם מיטן אויצער...

**עסטער:** האַלעוואַי זאָל גאָט געבן, ס׳זאָל זיך טרעפן אַזאַ נעס, וואָלט איך אַריינגעוואָרפן אין מייער־באַלנעס־פּושקע...

**באַשעווע:** גאָט איז מיט דיר, עסטער, וואָס רעדסטו? אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן, אָרעמע באַלעבאַטים, נעבעך, קוקן אַרויס אַף דעם איינציקן שטיקל האָפענונג, אַף דעם אויצער, קומט זי צו גיין און טוט זיך אַ זאָג... וויין ניט, קינד מיינס, מיט דיין געוויין נעמסטו מיר אַרויס דאָס געזונט. (עסטער האַלט דעם קאָפּ אין דער מוטערס שויס, כליפּעט) גלויב מיר, איך האָב גענוג געאַרבעט פאַרן טאַטן, אים געבעטן, ער זאָל צוּוואַרטן נאָך אַ טאָג, נאָך צוויי, טאָמער קומט ער, דער פּלימעניק מיינער, פון אַמעריקע... ער האָט דאָך אים אַליין געשריבן, דער טאַטע דיינער, ער זאָל קומען צו פאָרן, געגעבן אים אָנצוהערעניש, אַז ער האָט פאַר אים אַ קאַלע; דאָס האָט ער טאַקע געמיינט דיך, ניט קיין אַנדערע... און איצט האָט ער פאַרקערעוועט דעם דישל. טאָרבע און טאָרבע! ער האָט זיך פאַרליבט אין אידל טאָרבע — וואָס זאָל איך טון... ער איז אַזויפיל עפשער ניט שולדיק, ווי גוטע לייט, שטיגוטערעס, סטייטש, אַזאַ גליק, אַ האַלבער אויצער געהערט צו אים... דער ראָוו אַליין האָט אַזוי געפּאַסקנט, אַז אַ האַלבן אויצער דאַרף נעמען אידל, און דורך זיין זכוס ווערט געהאָלפן אַ גאַנצע שטאָט... און מאַילעס זאָגט מען אַף אים, אַף אידלען, אַ שטילער מענטש... איך ווייס? עפשער... פאָלג מיך, טאָמער איז דאָס אַ באַשערטע זאַך?... עפשער איז דאָס פון גאָט?... אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין... אַ אידישע טאָכטער דאַרף טון וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן... דו ווייסט נאָך ניט דיין גליק... וואָס ווייסט אַ מענטש?...



**עסטער** (אופגעהויבן דעם קאָפּ פון דער מוטערס שויס, ווישט זיך אויס די אויגן מאַכט צורעכט די האָר): וואָס ווייסט אַ מענטש?... (זיפצט).

**באַשעווע:** גיי טו זיך אָן, טאָכטער, וואַש דיך איין דאָס פּאָנים... פרעמדע מענטשן... קיינער דאַרף ניט וויסן...

**עסטער** (זאָגט נאָך מאָנאָטאָן): קיינער דאַרף ניט וויסן... קיינער וועט ניט וויסן... קיינער... קיינער...

(פון דער אינעווייניקסטער טיר באַווייזט זיך זעלדע די קעכן)

## זעלדע.

**זעלדע** (פאַרקאַטשעטע ארבל, דאָס פּאָנים אויסגעשמירט מיט פעטן און מיט סאַזשע, שטייט אַף דער שוועל).

**באַשעווע:** וואָס איז, זעלדע?

**זעלדע** (מיטן עלנבויגן איבער דער נאָז אַרויף): איך ווייס ניט, צי פון דער טיר, צי פון פענצטער האָט אַריינגעצויגן אַ ווינטל און ער האָט געכאַפּט אַ פאַרקילעכץ... פון איין זייט אַ געשווילעכץ, און אינמיטן איז ער געבלעזולט...

**באַשעווע** (דערשראָקן): ווער איז?

**זעלדע:** ווער זאָל זיין? דער טאָרט!...

**באַשעווע:** וואָס ס׳האָט זיך מיר געכאָלעמט די נאַכט און יענע נאַכט!...

**זעלדע:** אָט האָסטו דיר! איר האָט דאָך מיר אַליין אָנגעזאָגט, אַז ס׳וועט האַלטן באַם אַרויסנעמען דעם טאָרט פונם אויוון, זאָל איך אייך קומען זאָגן... (באשעווע שטייט אוף גיין אין קיך).

(באשעווע זיפּ)

**זעלדע** (גייט נאָך נאָך באַשעווען, קערט זיך אום): עסטערל, נעשאָמעניו, זאָלסט מיר זיין געזונט, ס׳איז עמעס, וואָס מע זאָגט, אַז ניט שפּעטער פון נאָכשאַבעסדי׳קער וואָך דאַרף מען אים שוין געפינען?

**עסטער:** וועמען?

**זעלדע:** וואָס הייסט וועמען? דעם אויצער.

**עסטער:** פון וואַנען זאָל איך וויסן?

**זעלדע:** אַ שיינע מאַיסע! ווער דען זאָל וויסן, אַז ניט דו?

**עסטער:** וואָס טוט זיך עס אייך מער נייטיק פון אַלעמען?

**זעלדע:** האָסט פאַרגעסן, אַז איך מאַך אויך כאַסענע אַ טאָכטער און האָב ניט מיט וואָס? אַז גאָט וועט ראַכמאָנעס האָבן, מע וועט געפינען דעם אויצער, וועט דאָך מיר אויך עפּעס אַריינפאַלן. מע זאָגט, אַז אַלע אידן האָבן אַ כיילעק אינם אויצער... עפשער ווייסטו, וויפל קאָן זיך אָנעמען אַף מיין כיילעק? איך בין פיר „אירע” (ציילט אף די פינגער): מיין עלטערע טאָכטער—איז ניט איינס,

מיין באָכער — איז ניט צוויי, דאָס אינגערע מיידל — איז ניט דריי; און וואו בין איך?...

**עסטער** (הערט ניט): איר גדיינקט, זעלדע, איר האָט מיר אמאָל דערציילט פון אייערער אַ אינגערער שוועסטער, וואָס זי האָט זיך געסאַמט... ווי אַזוי, מיט וואָס האָט זי זיך געסאַמט?

**זעלדע**: וואָס עפּעס פּלוצים אינמיטן דרינען? לאָז זי האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, זי איז שוין אירס אָפּגעקומען. מיט שוועבעלעך האָט זי זיך געסאַמט, ניט־דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין שום אידישער שטוב געדאַכט... געקויפט פאַר אַ קאָפּיקע אַ פּעקל שוועבעלעך, אָפּגעהאַקט די קעפּלעך, איינגעווייקט אין אַ גלאָז וואַסער און אויסגעטרונקען. פון וואָס, מיינסטו, איז מען געוואָר געוואָרן? פונם רויך. עס האָט געזעצט, ווי פון אַ קוימען... אַז מע איז אַריינגעקומען אין שטוב און מע האָט אַ...

**עסטער**: פאַרוואָס האָט זי זיך געסאַמט, אייער שוועסטער?

**זעלדע**: מיין ריקל, אָלעהאָ האַשאָלעם? פאַר צולאָכעס. זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, זי וויל ניט קיין קאַצעוו; זי וויל ניט גיין צו דער כופּע מיט אַ קאַצעווניאַק, זאָגט זי, מע זאָל איר אַראָפּנעמען, זאָגט זי, דעם קאָפּ! נו, און די מאַמע, אָלעהאָ האַשאָלעם, האָט דאַפקע יאָ געוואָלט דעם קאַצעוו, וואָרום דער קאַצעוו איז געווען אַ איד א נאָגיד, דאָס הייסט אַ באַלעבאָס, שוין אין די יאָרן, צוויי מאָל אַזוי אַלט, ווי ריקל, און אַ מיעסע בריע, אַ געשטופּלטער, זאָל ער מיר מויכל זיין, אויב ער לעבט, און אויב ער איז געשטאָרבן, זאָל ער מיך קומען וואַרגן, ער איז געווען דער שאָליעך, דער מאַלכאַמאָוועס פון מיין שוועסטער, אַזאַ יונג ביימעלע. אוי, האָט זי ניט געוואָלט שטאַרבן! אוי, האָט זי געשריגן: ראַטעוועט מיך, אידישע קינדער, ראַטעוועט מיך! ראַטעוועט מיך! (עס קומט אָן באַשעווע מיט א בעקן, אפן בעקן א אויסגעבאַקענער טאָרט; דערהערט א געשריי, בלייבט שטיין).

## באַשעווע.

**באַשעווע**: איר זיינט מעשוגע געוואָרן, זעלדע, וואָס גוואַלדעוועט איר?

**זעלדע**: ווער גוואַלדעוועט? דאָס דערצייל איך אייער טאָכטער פון מיין שוועסטער ריקל אָלעהאָ האַשאָלעם, ווי אזוי זי האָט זיך געסאַמט...

**באַשעווע** (קוקט זי אָן): אינמיטן דרינען? ניט געפונען קיין בעסערע צייט צו רעדן פון געסאַמטע?... גייט בעסער אין קיך, גיט אַכטונג צו די פיש, זיי זאָלן ניט כאַפּן דעם אייגענעם פּסאַק, כאָלילע, וואָס פאַראַכטאָגן פרייטיק...



**זעלדע**: מאַזלטאָוו! טאָמער האָט זיך געמאַכט איין מאָל אין אַ יויוול די פיש האָבן געכאַפּט אַ זאַניטע און געשמעקט מיט רויך, וועט מען דאָס מיר גדיינקען ביז מאָשיעך וועט קומען... (מיטן עלנבויגן איבער דער נאָז ארוף).

(זעלדע אָפּ)

**באַשעווע** (צינדט אָן א לאָמפּ, נעמט זיך שניידן דעם טאָרט): אַז ס'איז אַלצדינג באַ אים כאַפּנדיק... דיין טאַטן. אַז עס קומט אָן. ער האָט נאָר געוואָלט, ס'זאָל זיין אַ קנאַסמאָל מיט אַ כאַסענע איניינעם... קאַם אָפּגעבעטן זיך באַ אים אַף כאָצי עלעל.

**עסטער** (שטייט אוף, גלייכט זיך אויס): מאַמע, די כאַסענע וועט זיין פריער, פאַר כאָצי עלעל...

**באַשעווע** (הערט אוף שניידן, קוקט אף דער טאָכטער): פאַר כאָצי עלעל?

**עסטער**: פאַר כאָצי עלעל... ס'וועט זיין אַ כאַסענע... אַ גוטע כאַסענע... אַ פריילעכע... איר וועט זיך פרייען... איצט גיי איך מיך אָנטון... (גייט פאַרביי דער מוטער. איר רואיק טרויעריק געזיכט שיינט אָפּ פון דער ליכט, אף אירע טויטע ליפּן — א ביטערער שמייכל, די אויגן ברענען. באַ דער טיר בלייבט זי שטיין א ווײַלע, דרייט אויס דעם קאָפּ צוריק, קוקט אף דער מוטער מיט צערטלעכקייט, מיט ביינקשאַפט, טוט א בראָך די פינגער, גייט אוועק).

(עסטער אָפּ)

**באַשעווע** (לאָזט ארויס דאָס מעסער פון האַנט, בלייבט שטיין איבעראַשט): פאַרוויסט איז מיין וועלט... פאַרפינצטערט איז מיין לעבן... וואָס טו איך, וואָס הייבט מען אָן צו טון אַף דער וועלט?... איך קען ניט צוזען דעם צאַר פון מיין קינד... אַזאַ קינד... אַ שעפעלע... די כאַסענע וועט זיין, זאָגט זי, פריער... אַ פריילעכע כאַסענע, זאָגט זי... (ברעכט די הענט) וויי איז מיר! איך זאָל זי כאָלילע ניט פאַרשפילן, ניט אין אַזאַ שאָ אויסגערעדט זאָל זיין... וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? אַן אומגליק האָט זיך אַף מיר גענומען! די גאַנצע שטאָט האָט זיך אריינגעלייגט, ס'זאָל זיין אַ שידעך... מע טאָר, זאָגן זיי, אידלען ניט דעראַגזוענען... בין איך שולדיק! דאַרף מיין קינד זיין אַ קאָרבן, אַריינפאַלן צו אידל דעם כאַלפן אין די הענט אַריין!... (פויזע). ווען מיין שוועסטערס זון זאָל כאָטש געווען קומען צו דער צייט, ווי ער האָט געשריבן, וואָלט עפשער אַנדערש געווען... אַלצדינג אַנדערש... (עס קומט אָן פון דער דרויסן-טיר לייווי מאָזגאָוואָיער. זי נעמט זיך צוריק צום טאָרט).

## מאָזגאָוואָיער.

**מאָזגאָוואָיער**: (אָנגעטון ווי א מעכוטן, שפּאַנט ארום איבער'ן כיידער צעטראָגן, פאָכט זיך דעם קאָפּ מיטן היטל): נגנו, אַן אויצער! פאַר אַלעמען דאַרף מיר דאַרן דער מויעך! אַלעמען דאַרף איך טראָגן אַפן קאָפּ!

**באַשעווע** (הערט ניט אוף צו שניידן דעם לעקעך): וואָס טראָגסטו צאָרעס מער פון אַלעמען? דאַרפסט טאַקע פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט?...

**מאָזגאָוואָיער**: ווער דען, אַז ניט איך? אַ שטאָט פון בעהיימעס! פאַרשטייען ניט פון דאַנען אַהין, ווייסן נאָר אייצעס געבן און פירן רעכילעס פון איינס צו דאָס אַנדערע... (שטעלט זיך אָפּ) אָט וועסטו זען, לאָז נאָר גאָט געבן, מע זאָל שוין געפינען דעם אויצער, וועט דאָס ווערן אַ כאַסענע מיט אַ געשלעג איבער די כאַלאָקים! זיי וועלן קומען אַפן גרייטן — און וועמען דאַרט דער קאָפּ? מיר! ווער שליסט א שוטפעס צווישן אידלען און צווישן פּאָרעץ וואָלצלאַווסקי, זיי זאָלן ביידע לייגן הויצאָעס אַף זוכן דעם אויצער? איך! אומעטום איך! וואו אַ צאָרע, וואו אַ שלאַק — איז צו מיר! איצט האָט מיר גאָט צוגעשיקט א נייע מאַקע — האָלאָוועשקע! הערסטו, אַז איך וועל פון אָט דעם מעשומעד ניט באַקומען די אפּאָפּלעקציע, וועט זיין א נעס מין האשאָמאַיִם!

**באַשעווע**: וואָס איז שוין עפּעס נייס?

**מאָזגאָוואָיער**: אָט וועל איך דיר גיין דערציילן נייס!

**באַשעווע**: פאַרוואָס ניט?

**מאָזגאָוואָיער**: דערפאַר וואָס דו וועסט ניט פאַרשטיין.

**באַשעווע**: פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרשטיין?

**מאָזגאָוואָיער**: דערפאַר וואָס דו ביסט א נעקייווע, און א נעקייווע און א הון האָבן, פאַרשטייסטו מיך, איין פאַרשטאַנד.

**באַשעווע**: וואָס זאָלן מיר טון, אַז גאָט האָט אונז אַזוי באַשאַפן?

**מאָזגאָוואָיער**: פאַרשטייט זיך, צו גאָט קען מען קיין טאַינעס ניט האָבן. דער אייבערשטער האָט באַשאַפן מענטשן, דער אייבערשטער האָט באַשאַפן, לעהאַוודל, בעהיימעס...

**באַשעווע**: און כאַיעס...

**מאָזגאָוואָיער** (זאָגט נאָך מאַשינאַל): און כאַיעס... מע דאַרף צוגרייטן פאַרן מעשומעד עפּעס פאַרבייסן. ער וועט דאָ באַלד זיין. ער דאַרף מיר, זאָגט ער, זאָגן זייער אַ געניייטיקע זאַך, זאָגט ער, אונטער פיר אויגן... איך ווייס שוין זיינע סוידעס, פאַרברענט זאָל ער ווערן, ס'אַ בלוטצאַפּער, א פּיאַווקע, א גאָראָדאָוואָי אַף מיין קאָפּ!... (קוקט זיך ארום) וואו איז ערגעץ עסטער?

**באַשעווע**: דאָס קינד טוט זיך אָן... צום קנאַסמאָל. אז אָך און וויי איז איר.

**מאָזגאָוואָיער** (שטעלט זיך אָפּ): וואָס איז דאָס פאַר אַ לאָשן?

**באַשעווע** (קוקט אים ניט אין די אויגן אריין, טוט זיך איר ארבעט): איטלעכער רעדט אַף זיין לאָשן... איין קינד, איין אויג אין קאָפּ, קאַם דערלעבט אַ נאַכעס, דאַרף זי אַריינפאַלן אין אַזעלכע הענט...



**מאָזגאָוואָיער** (אָנגעצונדן): האַ? ס'איז איר ניט געפעלן דער כאָסן? וואו איז זי ערגעץ? לאָם איך אָקאָרשט מיט איר זיך דורכשמועסן! (וויל גיין)

**באַשעווע** (שטעלט אים אָפּ): וואוהין איז? וואָס ווייסט זי? אַ ציג! באַ איר איז רעכט אַלצדינג... ס'איז איך זאָג, אַז אָך און וויי איז איר.

**מאָזגאָוואָיער**: אַזוי? ס'איז דו זאָגסט אַזאָ כאָכמע! (גייט ארום) דיר פאַסט דאָס טאַקע... דו זאָלסט אָבער האָבן אַ קלעפּקע אין קאָפּ, וואָלסטו דאָס ניט געזאָגט... דאָ גייט ניט, פאַרשטייסטו מיך, אין געלט, דאָ גייט ניט אין קאָוועד; דאָס איז אַ זאך, וואָס די גאַנצע שטאָט הייגגט אָפּ אין דעם. די גאַנצע שטאָט איז איצטער באַ אידלען אין די הענט. וואָרום אַז אידל וויל, איז דער אויצער אַן אויצער, און אַז אידל וויל ניט, איז דער אויצער אויס אויצער... (שטעלט זיך אָפּ, ווייזט אפן שטערן). דו פאַרשטייסט דאָס כאָטש מיטן קאָפּ, צי ווער־וואָס?.

**באַשעווע**: פאַרשטיין פאַרשטיי איך עס. איך פרעג נאָר, וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז מיין קינד דאַרף זיין אַ קאָרבן פאַר דער שטאָט?

**מאָזגאָוואָיער**: איר קינד! (גייט ארום, די הענט פארלייגט אהינטער). זי איז פונקט אַזוי מיין קינד ווי דיין קינד. (רעדט מיט א ניגון) איך בין נאָך עפּשער געטריי מיין קינד, אַזוי ווי דו, און פאַרשטיין פאַרשטיי איך מער פון אייך ביידן. איך, אַז איך טו עפּעס, ווייס איך וואָס איך טו. איך קום אַרויס, פאַרשטייסטו מיך, פון די מאָזגאָוואָיערס. וואָס באַ מיר אין קאָפּ, איז ניטאָ באַ אייך אין פּיאַטע.

**באַשעווע**: וואָס עמעס איז עמעס: וואָס באַ דיר אין קאָפּ, איז ניטאָ באַ אונז אין פּיאַטע... דו פאַרגעסט אָבער, לייווי, אַז עסטער איז באַ אונז אַ באַסיעכידע, איין אויג אין קאָפּ... באַרעכן דיך נאָר — אידל טאָרבע און אונזער עסטערל...

**מאָזגאָוואָיער** (הייבט אָן ארומשפּאַנען נאָך האסטיקער, רערט מיט פייער): וואָס מיר באַסיעכידע? ווער מיר עסטערל? מוסער זאָגט זי גאָר מיר, נו... גוטע יאָרן, אַז לייווי מאָזגאָוואָיער דאַרף הערן מוסער פון אַ ווייב און פון אַ טאָכטער, זיך לאָזן פירן באַ דער נאָז פון ווייבער, נעקייוועס! (מיט קאַס) וואו איז זי ערגעץ, איך וויל זי קלאָר מאַכן, אַז זי האָט אַזויפיל סייכל, ווי די מאַמע אירע, און עפּשער נאָך מיט אַ לויט ווינציקער! (לאָזט זיך צו דער טיר).

**באַשעווע** (שטעלט זיך אים אפן וועג): וואָס? וואוהין?... איך זאָג דאָך דיר, אַז זי ווייסט גאָרניט... זי איז גאָט די נעשאָמע... באַ איר האָסטו געפּויעלט... טשעפּע זיך אָפּ...

**מאָזגאָוואָיער** (רייסט זיך צו דער טיר): וועמען טשעפּע איך? איך טשעפּע קיינעם ניט! איך וויל זי נאָר קלאָר מאַכן, געבן צו

פאַרשטיין מיטן סייכל, אַז דו ביסט אַ אידענע און זי איז אַ מיידל. דו ביסט אַ קו און זי איז אַ קעלבל. אז איר ווייסטביידע ניט, ווער ס'האָט אייך געשלייערט. לאָז מיך... (גייט צו דער טיר, באשעווע גייט אים נאָך).

(לייווי מאָזגאָוואָיער, באשעווע אָפּ. א האלבע מינוט איז די סצענע ליידיק. עס עפנט זיך די דרויסן-טיר און עס שטעקט זיך אריין א שווארצער קאָפּ מיט געגרייזלטע האָר. אפן קאָפּ זיצט א פּאָליציייסקע היטל מיט א קאָקאַרדע. אַף די אויסגעבויגענע פלייצעס א שווערד. — דאָס גאנצע אויסזען איז ווי א איד טון גאָס, וואָס מע האָט אים ארייגעשטעקט אין פּאָליציי-אוניפאָרם)

## האָלאָוועשקע.

האָלאָוועשקע (שטייט א קורצע ווײַלע אף דער שוועל, קוקט זיך ארום אף אלע זייטן, זעט ניט קיינעם, גייט צו צום טיש, באטראכט די פלעשלעך מיט ווישניק, דעם אָנגעשניטענעם לעקעך מיט איינגעמאכטס) : שוין לאַנג ניט געגעסן אַ אידיש שטיקל לעקעך, טשעסטנאָיע סלאָוואָ... (פּארזוכט א שטיקל טאָרט) דיעלאָ ראסטשודיעסנאָיע! דאָס מיט אַביסל מאשקע דארף זיין אַי־ליו־ליו־מאלינא! (גיסט זיך אָן א גלעזל חישניק, באטראכט דאָס בא דער ליכט). ווישניאָווקא — אַ אידישער נאַפּיטאָק. לעכאַים, האָלאָ-וועשקע! (קערט איבער דאָס גלעזל, פארקרימט זיך און באלעקט זיך) דיעלאָ ספּירטואָזנאָיע! (פארבייסט מיט צוקערלעקעך, כראָמקעט מיט די ציין) אידישער צוקערלעקעך מיט אידישן איינגעמאַכטס — פּראָסטאָ פּרע־לעסט! אלצדינג איז בא אידן טאַם־גאַניידן. לעבן זאָלן די אידן! מיט אידן איז גאָר אַן אַנדער סלוזשבע. פון גאָיִם האָט מען מאַקעס... באַ אידן, פּאָ קראַיני מיערי, קען מען זיך פּאָזשיווען, פאַרדינען אַ קערבל — דיעלאָ דאָכאָדנאָיע!... (נעמט נאָך א גלעזל ווישניק). זאַ וואַשע זדאַראָוויע, האָלאָוועשקע! (טרינקט אויס און פאר־בייסט) ע־כע־כע, פּראָפּאַדאַי מאָיאַ טיעלעגאַ, ווסיע טשעטירע קאָ־ליעסאַ!... ווען איך זאָל צו מיין סלוזשבע ניט זיין געשמאַדט — ע-הע־הע! (עס עפנט זיך די דרויסן-טיר, עס קומט אריין וואָלאָצלאַווסקי).

## וואָלאָצלאַווסקי

וואָלאָצלאַווסקי (באטראכט האָלאָוועשקען. האָלעוועשקע ווישט אָפּ די ליפּן, כאַפּט אראָפּ דאָס היטל, טוט דאָס אַ וואָרף אפן טיש, פארנייגט זיך אפן סאָלדאַטישן שטייגער, טוט אַ זעץ א שטיוול אין אַ שטיוול) : דזיען דאָברי, יאַק סיאַ מאש, פּאַן מאַיאָפּעס?

האָלאָוועשקע: כע־כע! דעם פּאָרעץ ליגט אין קאָפּ מאַיאָפּעס. איך הייס האָלאָוועשקע, ניט מאַיאָפּעס.

וואָלאָצלאַווסקי: גלופּסטוואָ, פּאַני, דו ביסט אַ מאַיאָפּעס גלייך מיט אַלע, שאַבעס, קוגל, באלעבאָסטע, כע־כע־כע!



האָלאָוועשקע: כע־כע־כע! לאָז דער פּאָרעץ בעסער פאַרזוכן אַ אי־דיש ביסל ווישניק, מיט פרישן לעקעך — דיעלאָ אַפּעטיטנאָיע! (גיסט אָן צוויי קעלישקעס) זאַ זדראַוויע פּאַנאַ וואָלאָצלאַווסקיעגאָ! איך בין אַפילע אַ מענטש אַ קאַזיאָנער און אַ רוסישער, נאָר בא מיר זיינען אַלע מענטשן גלייך: וואָס רוסישע, וואָס פּאָליאַקן, וואָס אידן — דיעלאָ בעזראזליטשנאָיע! (ציט אים אויס דעם קעלישעק) בודיעם זדראַווסטוואָוואט!

וואָלאָצלאַווסקי: לעכאַים, מאלכאַמאָוועס! (טרינקט אויס) דו מיינסט, איך ווייס ניט, אַזעספּאָנים, וואָס דו טוסט דאָ? זאַפּעוונע צו דער פּאַנאַ עסטערקע. אַ! אַפּיקוירעס! כע־כע!

האָלאָוועשקע: דער פּאָרעץ טרייבט קאַטאָוועס, כע־כע!

וואָלאָצלאַווסקי: יאַק באָגאַ קאָכאַם! איך בין קלאָר אין די זאַכן. אַמאָל בין איך געווען אַ גרויסער קאַפּאָרעס־פּרעסער. היינט בין איך שוין אַן אלטער מאלכאמאָוועס.

האָלאָוועשקע: פּוסטיאַקי! דער פּאָרעץ איז נאָך אָי־אָי־אָי!

וואָלאָצלאַווסקי: אַמאָל, אַמאָל, ניט היינט. היינט האָב איך אַ באַ־לעבאָסטע (זיפצט).

(עס עפנט זיך די אינעווייניקסטע טיר און עס קומט אריין לייווי מאָזגאָ-וואָיער. ער כאַפּט אַראָפּ דאָס היטל)

## מאָזגאָוואָיער

מאָזגאָוואָיער (צו ביידן, רעדט האלב אידיש, האלב פּויליש): דזיען דאָברי, פּאַנו! באָרוך האַבאָ, אַ גאַסט, רעב האָלאָוועשקע! האָט איר שוין גענומען דאָ, ווי איך זע, צו קאַפּלעך — זייער קלוג! בארדזאָ! בארדזאָ! (צום פּאָרעץ) סלוזשעם פּאַנאַ? (צום גאָראָדאָוואָי) פּאַני האָ-לאָוועשקע! עפּשער וואָלט איר זיך מאַטריעך געווען אַף אַ ווײַלע אהין אין צווייטן כיידער? דאָרט זיצט מיין פּלוינעסטע מיט מיין טאָכטער. איך דארף דאָ רעדן אַ פּאָר ווערטער מיטן פּאָרעץ.

האָלאָוועשקע (כאַפּט זיך אוף מיט אַ טענצל): אַך, פּארוואָס ניט? דיעלאָ כאָזיאַיסקאָיע... (מאָזגאָוואָיער ווייזט אים וואוהין צו גיין. ער מאכט צו-רעכט דעם קאָלנער, דעם מונדיר, דאָס שווערד, כאַפּט אַ קוק אין שפּיגל).

(האָלאָוועשקע אָפּ)

מאָזגאָוואָיער: האַקיצער, פּאַני, איך האָב ספּאַנעם יודקאָ געהאקט האָלץ אַ גאַנץ פרימאָרגן. אַ שווערער איד, יודקאָ! אָבער איך האָב געפּויעלט בא אים! באָ יאַ יעסטעם מאָזגאָוואָיער, פּאַני!

וואָלאָצלאַווסקי: כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך?

מאָזגאָוואָיער: אַזוי ווי מיר האָבן גערעדט, פּאַני. איר ביידע לייגט אַריין געלט, פּאַני, אין געשעפט אריין, בארדזאָ וועלקי אינטע־

רעס, אַן אויצער, פּאַני, מע דאַרף גראָבן, זוכן, טעגאָ, וועגאָ, עס קאָסט געלט, פּאַני!... און דערפאַר האָט איר ביידע דעם גרעסטן כיילעק, פּאַני! ...עפּשער וועט דער פּאָרעץ פאַרזוכן אַ שטיקל פיש, אידישע פיש, געפילטע, ספּערצעס, פּאַני!...

וואָלאַצלאווסקי: דאָבזשע, דאָגים פיש ליעפּיע, יאַק טיסיאָנצע מאַיאָפּעס...

מאָזגאָוואָיער (לויפט צו דער אינעווייניקסטער טיר, הויך): באַשעווע! עסטער! הייסט זעלדען, זי זאָל די רעגע אַריינטראָגן אַף אַ שיינער טאַץ אַ שטיקל פיש פאַרן פּאָרעץ! מיט כריין! מיט קוילעטש!

(עס הערט זיך באשעוועס קאָל פון אינעווייניק: באלד. באלד!)

מאָזגאָוואָיער: מאָזגאָוואָיערס פיש, פּאַני, האָבן אַ שעם אַף דער וועלט! אַף דער גאַנצער וועלט!...

וואָלאַצלאַווסקי: טאַק, טאַק. זאָג־זשע מיר נאָר, פּאַני לייווי, דו ביסט דאָך אַ איד אַ קופּעץ. דיין יודקאָ, אַז ער וועט געפינען דעם „סקאַרב”, וועט ער ניט מאַכן כאַפּעס?...

מאָזגאָוואָיער: כאַס וועכאָלילע, פּאַני! און וואו בין איך? יודקאָ, פּאַני, האָט כאַסענע פאַר מיין טאָכטער. דער פּאָרעץ ווייסט, אַז איך וועל דעם פּאָרעץ כאַסוועשאָלעם ניט פארפירן, פּאַני, באַ יאַ יעססעם לייווי מאָזגאָוואָיער, פּאַני!

(עס קומט זעלדע מיט די פיש, שטעלט אוועק די טאַץ)

## זעלדע.

זעלדע: אָט זיינען די פיש, און אָט דער קוילעטש; קיין כריין איז ניטאָ. דאָס הייסט, ס'איז דאָ כריין, נאָר ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל אים אָנרייבן. אַ גאַנץ טאָג פון קאַיאָר איז מען פאַרטאַראַראַמט מיטן קנאסמאָל, באַקן און קאָכן, און בראָטן, און רייבן, און שייערן. איין מענטש אליין, מע קאָן זיך ניט צעררייסן, און קיין צען פאָר הענט האָב איך אויך ניט...

מאָזגאָוואָיער (צו זעלדען): נו, גייט, גייט געזונטערהייט!

זעלדע: איך גיי, איך גיי, וואָס דען? איך שטיי? (אַ רייב מיטן עלנבויגן, אַ קלאַפּ מיט דער טיר).

(זעלדע אָפּ)

וואָלאַצלאַווסקי (נעמט זיך צו די פיש מיט גרויס אַפּעטיט): סלוכאַי נאָ, אַפּיקוירעס, דאָס, וואָס דו זאָגסט, אַז איך טייל זיך מיט פאַנעם יודקאָ אַף דער האַלב, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך — דאָס נעם איך אָן. נאָר אריינלייגן געלט אַף גראָבן און זוכן — דאָס וויל איך ניט, דזינקויע באַרדזאָ!

מאָזגאָוואָיער (טוט אַ שפּרונג אויף): צאָ פּאַן מאָוויע? פּאָרעצעניו, כילעלאשעם, יאַק באָגאַ קאָכאַם!...



וואָלאַצלאווסקי (נעמט אים פאַר אַ האַנט): סיאַדאַי, פּאַן לייווי. וואָס זאָרגסטו זיך אַזוי פאַר פּאַן יודקאָ? דער דזיאַבלאָ וועט אים ניט נעמען! דו פּאָלג מיך, מאַך אַ שוויג, וואָרום אז ניט, רוף איך ארויס דעם פּאַן גראַביע פון מאָנטעקאַרלאָ, נעמט ער צו דעם אויצער מיטן ביימילעם, מיט אייך אלע מאַיאָפּעסע, מיט די בעבעכעס!..

מאָזגאָוואָיער (באטראַכט דעם פּאָרעץ, האלט זיך באַם באָרד, קלערט עפּעס): אַזוי?.. דער פּאָרעץ, הייסט דאָס, וויל האָבן אַ גלייכן כיילעק מיט פּאַן יודקאָ אינם אויצער, פּאַני, נאָר ס'זאָל אים קיין געלט ניט קאָסטן?

וואָלאַצלאַווסקי (שאָקלט מיטן קאָפּ, עסט די פיש): טאַק, טאַק.

מאָזגאָוואָיער: דער פּאָרעץ איז גערעכט, יאַק באָגא קאָכאַם. באַ מיר האָט דער פּאָרעץ געפּויעלט. איך וועל איבערעדן מיט פּאַן יודקאָ, פּאַני, אזוי און אזוי...

וואָלאַצלאַווסקי (ווישט זיך אָפּ): ניט נאָר איבערעדן, נאָר ארויסגעבן מיר אַף פּאַפּיר, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך—כע, כע! (דערלאַנגט אַ קיצל מאָזגאָוואָיערן אין זייט אריין) און אונטערשרייבן זאָלט איר מיר ביידע ארבעקאַנפעסע, כע־כע! (שטייט אויף, מאָזגאָוואָיער שטייט אויך אויף). וואָס טוט דאָ באַ דיר אָט דער מאלכאַמאָוועס? (ווייזט אהין, וואו האָלאָוועשקע איז אריינגעגאַנגען).

מאָזגאָוואָיער (טוט אַ מאַך מיט דער האנט): אָט דאָ ליגט ער מיר שוין! (ווייזט מיט דער האנט אפן האלז).

וואָלאַצלאַווסקי (ווייזט אים מיט דער האנט, ווי אזוי ער זאָל נעמען האָלאָוועשקען און ארויסוואַרפן פון דער טיר).

מאָזגאָוואָיער (פארשטאַנען די מימיק): זאָל גאָט שוימער אומאצל זיין, פּאַני! (רעדט שטיל דעם פּאָרעץ אפן אויער). אָט דער האָלאָוועשקע איז די פערטע האנט פונם קייסער.

וואָלאַצלאַווסקי: יאַק טאָ?

מאָזגאָוואָיער (שטיל אפן אויער): האָלאָוועשקע, דער גאָראָדאָוואָי, פּאַני, קען זיך מיטן איספּראווניק, דער איספּראווניק, פּאַני, קען זיך מיטן גובערנאַטאָר, און דער גובערנאַטאָר, פּאַני, פאָרט צום קייסער...

וואָלאַצלאווסקי (ציט ארויס דאָס פּאָנים, גלאָצט אויס די אויגן, צענעמט די פינגער): מאַיעש ראצע!... (גיט מאָזגאָוואָיערן די האנט) דאָווידזעניאַ, קאָכאַני לאַפּסערדאַקו!.. כע־כע זאפּאמיענטוי, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָך... כע־כע! (מאָזגאָוואָיער בייגט זיך, באגלייט אים ארויס).

(וואָלאַצלאווסקי אָפּ).

(פון דער אינעווייניקסטער טיר קומט האָלאָוועשקע).

## האָלאָוועשקע

האָלאָוועשקע (קוקט זיך ארום): אַוועקגעגאַנגען דער פּידפּאַניק? איך קען זיי ניט טיערפּען, אָט די כוואסטוניאַקעס. וואָס טוט ער באַ אייך, נאַפּרימער?

מאַזגאָוואָיער: פליאַקע מיט די וואָנצעס! ער וויל מיר איינרעדן אַ קינד אין בויך, אז דער אויצער געהער, זאָגט ער, צום גראף, דער גראף, זאָגט ער, איז באלעבאָס אַף דער שטאָט און אַפן בייסוילעם און אף אונז אלעמען.

האָלאָוועשקע: ווריאָט קאַק סאָבאַקאַ! די שטאָט מיטן בייסוילעם מיט אייך אלעמען געהער ניט צום גראף, נאָר צו קאַזנאַ!

מאָזגאָוואָיער: נאָך איידער דער גראף האָט פאַרקויפט די שטאָט צו קאַזנאַ?

האָלאָוועשקע: נאָך איידער דער גראף איז געבוירן געוואָרן. און אַפילע אייער גראף אליין געהער אויך צו קאַזנאַ. דיעלאָ קאַזיאָנאָיע!...

מאָזגאָוואָיער: אַזוי גאָר?... זיצט, פאַרוואָס זיצט איר ניט? עפּשער וועט איר נעמען נאָך אַ קאַפּל, פאַני האָלאָוועשקע? (וויל אים אָנגיסן).

האָלאָוועשקע (האַלט צו מיט דער האַנט, לאָזט ניט אָנגיסן, זעצט זיך אוועק): פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו. איך האָב שוין גענומען דריי קאַפּלעך. איך האָב מיט אייך צו רעדן, פּאַני מאָזגאָוואָיער, אן ערנסטן ראזגאָוואָר. דיעלאָ סעריאָזנאָיע (קוקט זיך ארום).

מאָזגאָוואָיער (רוקט זיך צו צו אים): וועלן מיר הערן. האָט קיין מורע ניט, קיין פויגל הערט אונז ניט.

האָלאָוועשקע: דיעלאָ סליעדוויטשעיע: איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ מענטש אַ אָטקראָווענע; באַ מיר איז „טשטאָ נאַ דושע, טאָ נאַ יאַזיקע". איך האָב כאַראָטע אפן גאַנצן געשעפט; איך אָטקאַזעווע זיך פון מיין אוטשאַסטיע אינם אויצער.

מאָזגאָוואָיער (אומרואיק): וואָס הייסט? איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס? וואָס אַרט אייך, אז מע גיט אייך אַ כיילעק אין אויצער? עס קאָסט אייך געלט?

האָלאָוועשקע: סאָווערשענאָ ווערנאָ! גייט אָבער אריין אין מיין פּאָלאָזשעניע: איך בין אַ מענטש אַ קאַזיאָנע; איך דין באַ קאַזנא, בין איך אָבאָוויאַזאַן אָכראַניאַיען די אינטערעסן פון קאזנא. אייער אויצער, ליובעזניעשי, געהערט צו קאַזנאַ. איך האָב מורע, אַ קאַשע אַף אַ מאַיסע, טאָמער דערגייט עס צום איספראַווניק, פונם איספראַווניק צום גובערנאַטאָר — ווער וועט אָטוועטשאַיען? האָלאָוועשקע! האָלאָוועשקע איז קאַזנאַ, קאַזנאַ איז האָלאָוועשקע. דיעלאָ אָטוועטסטווענאָיע!

מאָזגאָוואָיער: אַלקיין, וואָס־זשעווילט איר?

האָלאָוועשקע: גאָרניט, איך וויל דאָלאָזשען מיין נאַטשאַלסטוואָ וועגן אויצער.



מאָזגאָוואָיער (טוט אַ שפרונג אונטער): גאָט איז מיט אייך, פּאַני, וואָס רעדט איר דאָס?

האָלאָוועשקע: אָט דאָס, וואָס איר הערט. דיעלאָ יאַסנאָיע.

מאָזגאָוואָיער (קאָן ניט רעדן, ווארט איבער אַ מינוט, קוקט האָלאָוועשקען אין פּאָנים אריין): ווילט איר, הייסט דאָס, פּאַני, קוילען? אָפּקוילען אַ גאַנצע שטאָט? זאָגט־זשע אזוי! נעמט אַ מעסער און קוילעט! וואָס האָט איר באַדאַרפט אזוי לאַנג ציען, פארשטעלן זיך פאר אַ גוטן פריינט?... (פויזע. ביידע שווייגן. בייט איבער דעם טאָן, רעדט מיט טאַכנונים). פּאַני האָלאָוועשקע! איך ווייס דאָך, וואָס אייך קוועטשט: איר ווילט אוואדע אַ הויסאָפּעלע... ס'איז אייך קאַרגלעך... (קוקט אים אין די אויגן) זאָגט... איר ווייסט דאָך, אַז מיט מיר מאַכט מען אלצדינג, און גיך — איינס, צוויי, דריי — איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער!

האָלאָוועשקע (ברעקלט זיך אַ ווײַלע, קוקט אף די שפּיץ פיס, אף די נעגל, הוסט אין קולאַק אריין): גיט מיר אייער האַנט טקיעס־קאַף, דיעלאָ סאָווערשענאָ סעקרעטנאָיע!...

מאָזגאָוואָיער (ציט אים אויס די האַנט): אָט האָט איר אַ טקיעס־קאַף פון לייווי מאָזגאָוואָיער. מאָזגאָוואָיער, אז ער שטעקט אויס אַ האַנט, — איז קוידעש! דאָס ווייסט איר?

האָלאָוועשקע: לאַדנאָ. איך פריסטופּאַיע קדיעלו. באַ מיר איז אויך ווי באַ אייך: ראַז, דוואַ, טרי. איך וויל ווערן צוריק אַ איד און דאַרף האָבן אייער פּאָמאָשטש.

מאָזגאָוואָיער (אופגעלעבט, גאָר אַן אַנדער מענטש): אָך! מיטן גרעסטן קאָוועד! זעט איר — דאָס איז שיין פון אייער זייט! אויסגעצייכנט! ווי איר זעט מיך אַ אידן! איך האָב אָבער וויפל מאָל געזאָגט צו מיין ווייב: באַשעווע, זאָג איך, אונזער האָלאָוועשקע, זאָג איך, האָט אין זיך, זאָג איך, אַ אידישע נעשאָמע. ווארום, זאָג איך, אַ מעשומעד, זאָג איך, וואָס רעדט, זאָג איך, העכער האַלב אידיש, זאָג איך, און וואָס עסט, זאָג איך, שאַבעס קוגל און פייסעך מאַצע־קניידלעך, — אזאַ מעשומעד, זאָג איך, איז קיין מעשומעד ניט!

האָלאָוועשקע: דיעלאָ פּאָניאַטנאָיע! עס ציט מיך צוריק צום קאָריען... מעזשדו פראָטשים, דאַרפט איר וויסן, פּאַניע לייווי, אז איך בין ניט קיין קטאָ ניבוד, איך בין, איזוואָלטע ווידעט, אַ טאַטנס אַ קינד. מיין טאַטע איז געווען אַ גראָבאָווטשיק אף אַ קלאַדבישטשע. ער האָט געהייסן מענדיק דער באַגראַבער, אים האָבן געקענט אלע און אלע האָבן פאַר אים מוירע געהאַט. וואָרום ער איז געווען אַ מוירעדיקער סילאַטש! דעם גרעסטן פּאָקאָיניק פלעגט ער געבן אַ נעם אָט אַזוי אָ! (ווײַזט מיט די הענט, לייווי מאָזגאָוואָיער רוקט זיך אָפּ) ער האָט קיין מוירע ניט געהאַט פאַר אַ טויטן! וואָ

וורעמיאַ כאָלערע איז ער געשלאָפן איינער אַליין מיט צען פּאַקאָיניקעס!

**מאָזגאָוואָיער** (שאָקלט מיטן קאָפּ): אַזוי, אַזוי? ער איז געווען, אַפּאָנים, א יונג מיט ביינער! האַקיצער, אַקעגן וואָס, הייסט דאָס, איז דאָס געקומען צו רייד? אַקעגן דעם, וואָס איר האָט כיישעק אָנעמען צוריק דעם אידישן גלויבן... איר האָט זיך פאַרביינקט, הייסט עס, נאָך אידן?.. מאַכטייסע, פיין, זייער־זייער פיין! אָבער טאַקע וואָס פיין הייסט!

**האָלאָוועשקע**: איר מיינט, איך האָב מיך געשמאַדט מיט מיין אייגענער זשעלאַניע? מיך האָט מען אָפּגעשמאַדט אין דער סלוזשבע... מעזשדו פּראָטשים, דינען בין איך ניט געגאַנגען אליין דאָבראָוואָלנע. מיך האָט מען אָפּגעגעבן פאַר א סאָלדאַט פּראָטיוו זשעלאַניע. איך האָב ניט געוואָלט, מיין טאַטע האָט אויך ניט געוואָלט... אז מע האָט מיר אָנגעטון די סיערע שינעל, האָט מיר מיין טאַטע אָנגעזאָגט עטלעכע מאָל: כאַים־בער! — אַזוי איז מיין אידישער נאָמען — איינס זאָלסטו געדיינקען—אַז דו ביסט א איד!...

**מאָזגאָוואָיער** (קוויקט זיך): איך זאָג אייך, הערט איר, רעב כאַים־בער, אַזוי, דאַכט מיר, איז אייער אידישער נאָמען? אַיאָ? איך שווער אייך בענעמאָנעס, איר זיינט געוואָרן באַ מיר מיט צען קעפּ העכער! באַרעכנט אייך, היינטיקע צייטן, זאָל נעמען א גאָי מיט אַ פּאַרנאָסע, א גאָראָדאָוואָי, כ׳לעבן, און זאָגן, אז ער וויל ווערן צוריק א איד, דאָס הייסט, פאַרשוואַרצט ווערן, ליגן ניין איילן אין דער ערד, אָכינוּ אַטאָ — לאָמיר זיך צעקושן! (כאַפּט אים אַרום קושן) און לאָמיר נעמען צו ביסלעך מאַשקע (גיסט אָן צוויי גלעזלעך). הערט איר, רעב כאַים־בער, אַזוי, דאַכט זיך, איז אייער אידישער נאָמען? אַצינד מעג איך שוין אָנטון דאָס היטל. לעכאַים! די גאַנצע שטאָט וועט אייך זיין צו הילף... מיר אלע וועלן אייך שטיין אין אייערע נויטן... דאָס טעלערל פון הימל! לעכאַים! לאָמיר זיין געזונט און לאָמיר טאַקע זיין אידן! (טרינקט אויס און פאַרבייסט).

**האָלאָוועשקע**: אָט דאָס וויל איך טאַקע. איך מיין, אז וויבאַלד דער אויצער וועט זיך געפינען, זאָל מען מיר געבן נאַ ראַסכאָדי און מע זאָל מיך אַריבערפעקלען קיין ערעציסראָעל, און דאָרטן וועל איך מיר ווערן א איד און וועל מיר שוין פאַרבלייבן, ווי זאָגט מען, דאָ גראָבאָוואָי דאָסקי...

**מאַזגאָוואָיער**: אָמיין. גלויבט מיר, רעב כאַים־בער, איר וועט באַ אונז האָבן אַ לעוואַיע, ווי לעהאַוודל א גוטער איד, ווי א באַלשעם! מיט געזאַנג וועלן מיר אייך אַרויסבאַגלייטן, מיט קלעזמער!



**האָלאָוועשקע**: פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו. איך וויל אָבער פריער כאַסענע האָבן. דאָס הייסט, פריער וויל איך ווערן א איד און נאָכדעם כאַסענע האָבן און אַוועקפאָרן קיין ערעציסראָעל שוין א באַווייבטער. דיעלאָ סעמיינאָיע.

**מאָזגאָוואָיער**: מיר וועלן אייך כאַסענע מאַכן! מיר וועלן אייך געבן א אידענע אן אַלמאָנע, אָדער א גרושע, א געראָטענע, א קאָשערע...

**האָלאָוועשקע**: פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו. איך בין אָבער פּראָטיוו אן אַלמאָנע און פּראָטיוו א גרושע. איך וואָלט בעסער וועלן א מיידל, און דאַפּקע א קראַסאַוויצע, דיעלאָ ווקוסאַ...

**מאָזגאָוואָיער**: אויך געפּויעלט! באַ מיר פירט איר אויס אַלצדינג. מיר וועלן אייך געבן אַ מיידל, מיר וועלן אייך געבן א קראַסאַוויצע, ווי איר זאָגט. מיין קעכן זעלדע קענט איר? האָט זי א מיידל, גאָלדע הייסט זי, איז זי שיין, טאַקע נאָר ווי א שטיק גאָלד... זי איז אַפילע שוין קעמוי ווי אַ קאַלע, דאָס הייסט, עס בלאָנקעט זיך ארום איר א כאָסן, זימל דעם שוסטערס זון, אַפילע אַזוי נישקאָשע פון אַ באָכערל, נאָר ווער הערט אים?

**האָלאָוועשקע**: פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו. איך האָב שוין פּאָטשטי אַ קאַלע, דאָס הייסט, איך האָב אווו ווידו א מידל, א קראַסאָטקע, מעזשדו פּראָטשים!...

**מאָזגאָוואָיער**: הערסט? נו, וואָס־זשע שוויגט איר? קומט דאָך אייך מאַזלטאָוו! (דריקט אים די האַנט) לאָז גאָט געבן, ס׳זאָל זיין מיט גליק און מיט האַצלאָכע, ווי איר ווינטשט אייך אַליין!... (דרייט אויס דעם קאָפּ צו דער אינעווייניקסטער טיר). באַשעווע! עסטער! (פאַרכאַפּט זיך) טפו! וואָס טו איך? איך האָב גאָר פאַרגעסן, אז ס׳איז א סאָד, וואָס נאָר איך און איר און גאָט... (רייבט א האַנט אין א האַנט) האַקיצער, אז איר האָט מיר שוין יאָ פאַרטרויט אזאַ הייליקן סאָד, וואָלט איר מיר שוין אין איין וועגס געזאָגט, ווער איז דאָס מיידל? ווי אַלט איז זי? און צי האָט זי טאַטע־מאַמע?... אָדער עפשער פאַסט אייך ניט זאָגן, נויט איך אייך ניט. איך בין ניט אַזאַ מענטש, פאַרשטייט איר מיך, איך בין פון די מאָזגאָוואָיערס...

**האָלאָוועשקע**: נאַפּראָטיוו! אייך זאָג איך סבאָלשים אודאָוואָלסטוויעם. דאָס מיידל הייסט עסטער, און איר פאָטער רופט מען רעב לייווי מאָזגאָוואָיער, פון די מאָזגאָוואָיערס...

**מאָזגאָוואָיער** (איבעראַשט ווי פון א דונער, כאַפּט זיך אויף און זעצט זיך אַוועק צוריק): איר האָט, אַפּאָנים, ניט פון וועמען צו כויזעק מאַכן? צי וואָס? וואָ־וואָ־וואָס בין איך אייך, א אינגעלע, וואָס איר טרייבט קאַטאָוועס?

האָלאָוועשקע: קאַטאָוועס? באָזשע אופּאַסי! איך האָב פֿיינט טרייבן קאַטאָוועס. דיעלאָ סעריאָזנאָיע!...

מאָזגאָוואָיער: אויב אַזוי, פֿאַרשטיי איך ניט, צי איר זענט דול? צי איר זענט מעשוגע? צי איר זענט כאָסערדייע? צי איר זענט גלאַט אַזוי פֿונם זינען? וואָ־אָ־וואָס רעדט איר דאָס? איר הערט, וואָס איר רעדט? איר?!... האָלאָוועשקע דער גאָראָדאָוואָי?!... און מיין טאָכטער?!... די טאָכטער פֿון לייווי מאָזגאָוואָיער?!..., כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

האָלאָוועשקע (באַליידיקט, שטייט אויף, פֿאַרשפּילעט דעם מונדיר אף אלע קנעפּ): ווילט איר ניט? — קאַק וואַם אוגאָדנאָ! וואָס דאַרף מען אזוי לאַכן? נאַסילו מיל ניע בודיעש... איך גיי מיר גלייך צו מיין נאַטשאַל־סטווע. איך וועל זיי געבן א דאָקלאַד וועגן אויצער, טאַק אי טאַק, לאָזן זיי זיך טון, וואָס זיי ווילן. דיעלאָ קאַזיאָנאָיע (וויל גיין).

מאָזגאָוואָיער (האַלט אים אָפּ): וואָס כאַפּט איר זיך? האָט צייט. איך וויל אייך עפּעס זאָגן. איך... איך... איך פֿאַרשטיי ניט. איך ווייי־וויי־וויים ניט מיט וואָס מע עסט דאָס... איר האָט מיר דערלאַנגט מיט א דובני איבערן קאָפּ!... איר האָט מיר געגעבן עפּעס א פּאָר אריין מיטאַמאָל, אז איך ווייס ניט, וואו איך בין אין דער וועלט!...

האָלאָוועשקע: איך ווייס ניט, וואָס איז דאָ צו פֿאַרשטיין. דיעלאָ אָביקנאָווענאָיע. מיט וואָס בין איך ערגער פֿון אָט דעם ראָסטאָוו־שטשיק טאָרבע? א טאַטנס א קינד בין איך אַזוי ווי ער. אין סייכל וועלן מיר זיך אויך אויסגלייכן. אין יאָרן—טיעם באָליע. בלייבט איבער נאָר איין זאַקאָוויקע: וואָס איך בין געשמאַדט? — ווער איך דאָך צוריק א איד... מעזשדו פּראָטשים, ווי איר פֿאַרשטייט. זשעלאַיו זדראַווסטוואָוואַט (לאָזט זיך גיין).

מאָזגאָוואָיער (האַלט אים צו): וואָס איילט איר זיך אַזוי? לאָמיר זיך נאָר אַוועקזעצן און באַטראַכטן די זאַך אַרום און אַרום. (זעצן זיך אַוועק) ערשטנס, איז מיין טאָכטער שוין קימאַט אַ קאַלע—ווייסט איר דאָך...

האָלאָוועשקע: דיעלאָ איזוועסטנאָיע. דערפֿאַר בין איך געקומען, ווי אַן אָפּגעבריטער. איך האָב שוין לאַנג אַן אויג אף אייער טאָכ־טער, נאָר זאָגן האָב איך ניט געקענט. דיעלאָ דעליקאַטנאָיע... מעזשדו פּראָטשים, איך האָב געהערט, אַז מע רעדט אייך אידל דעם כאַלפֿן, נאָר איך האָב ניט געגלויבט, ביז איך האָב ניט דער־הערט, אַז ס'איז א קנאַסמאָל...

מאָזגאָוואָיער (כאַפּט זיך אָן ווי אין א שאַרף פֿון א שווערד): נו, זעט איר דאָך אַליין, אַז ס'איז, אַפּאָנים, אַזוי באַשערט, א פֿאַרפֿאַלענע זאַך...



האָלאָוועשקע (קוקט אים אין די אויגן אריין): פּאָנאַפּראַסנע זאָגט איר דאָס! אין שטאָט האַלט מען אייך פֿאַרן גרעסטן כאָכעם, מעזשדו פּראָטשים, רעדט איר אַזעלכע גלופּאָסטי! ווי קומט דאָס גאָר צו אייך, ר' לייווי מאָזגאָוואָיער? — אַי־אַי־אַי!...

מאָזגאָוואָיער (אונטערגעקויפּט): איך וועל אייך זאָגן, ס'איז צו פּלוצים, אומגערעכט. איך האָב ליב א זאַך באַטראַכטן פֿון אַלע זייטן. די מאָזגאָוואָיערס האָבן פֿיינט כאַפּ־לאַפּ אף איין פֿוס... מיט דעם כאַלפֿן, פֿאַרשטייט איר מיך, איז א ביטערע מאַיסע. באַ אים אין האַנט ליגט די גאַנצע שטאָט אָט אַזוי־אָ (ווייזט מיט דער האַנט). פֿאַרגעסט ניט, ער איז דער באַלעבאָס פֿון דעם אויצער! וויל ער, איז דער אויצער אַן אויצער; וויל ער ניט — איז אויס אויצער!... אַדעראַבע קלערט איר עפּעס צו, טאָמער האָט איר א גלייכן געדאַנק? איר זיינט דאָך אויך עפּעס א מענטש מיט פֿאַרשטאַנד?..

האָלאָוועשקע (אונטערגעקויפּט): דיעלאָ פּאָפּראַווימאָיע. איר האָט דאָך נאָר מוירע, טאָמער פּייפֿט אייך אידל אָן אינם אויצער? פּייפֿט איר אָן אים! דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע!

מאָזגאָוואָיער (עפֿנט אויף די אויגן): דעהאַינע? קעדוימע לעמאָשל נאַ־פּרימער?

האָלאָוועשקע: נאַפּרימער? (רעדט מיט א ניגון) איר מאַכט אייך א קנאַס־מאָל. לאָז זיך טאָרבע אוטעשאַיען, אז אייער טאָכטער איז זיין קאַלע. מעזשדו פּראָטשים, לאָז ער אויסגראָבן דעם אויצער, וועלן מיר זיך מיט אים טיילן, און אַז מיר וועלן אַריינלייגן דאָס נאַ־ליטשנאָסט אין קעשעני, וועלן מיר מאַכן נאַלעוואָ קרוגאָם—און רוף מיך קנאַקניסל!... דיעלאָ פּראָסטאָיע...

מאָזגאָוואָיער (קוקט די גאַנצע צייט האָלאָוועשקען אין די אויגן אריין; דער מויעך באַ אים אַרבעט; כאַפּט זיך אויף): הערט איר, פּאַני, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איר זיינט ניט נאָר א איד א מעשומעד, מיר דאַכט, איר זיינט א מאַמזער אויך!

האָלאָוועשקע: פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו!

מאָזגאָוואָיער: איך זאָג עס אָן א שום כאַניפֿע. די מאָזגאָוואָיערס האָבן פֿיינט כאַניפֿע. אייער פּלאַן איז מיר אַריין אין נאָז אַריין. וואָס מער איך צעקיי אים, געפֿין איך אין אים מער טאַם, ווי איר זעט מיך א אידן! איך געפֿין, אז איר זיינט א מענטש א באַרדאַס מיט אַ גלייכן קאָפּ... איר האָט אין זיך, פֿאַרשטייט איר מיך, גוטע איינפֿאַלן! דאָס זאָגט אייך לייווי מאָזגאָוואָיער.

האָלאָוועשקע (שטאַרק אונטערגעקויפּט): פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו! פֿאַר־געסט ניט, אז איך בין געווען, מעזשדו פּראָטשים, אונטער סעוואַ־

סטאָפּאָל און האָב א בלאַגאָדאַרנאָסט פונם קייסער... (גלייכט זיך אויס, באָכערט זיך).

**מאָזגאָוואָיער:** דאָס זעט מען באַלד נאָך די ערשטע דריי ווערטער...

**האָלאָוועשקע:** אייער האַנט! (מאָזגאָוואָיער ציט אים אויס אַ האַנט) דיעלאָ קאָנטשענאָ?

**מאָזגאָוואָיער:** א וואָרט איז אַ וואָרט. איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער.

**האָלאָוועשקע:** מעזשדו פּראָטשים, עס דאַרף זיין א סאָד. נאָר איך און איר...

**מאָזגאָוואָיער:** און גאָט א דריטער...

**האָלאָוועשקע** (טראַכט אַ ווײַלע)**:** מעזשדו פּראָטשים, ס'איז דאָ נאָך אַ זאַקאָוויקע.

**מאָזגאָוואָיער:** וואָס נאָך?

**האָלאָוועשקע:** נאַפּרימער, פּונוואַנען בין איך באַוואָרנט, אַז איר וועט מיר ניט אַרויסשטעלן נאָכדעם א גרויסע פייג? דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע...

**מאָזגאָוואָיער:** ע! האָט קיין פאַריבל ניט, רעב כאַים־בער, אַזוי, דאַכט זיך, איז אייער אידישער נאָמען? דאָ רעדט איר שוין ווי אַ גאָי... איר האָט פאַרגעסן מיט וועמען איר האָט אַ געשעפט. מיין נאָמען איז לייווי מאָזגאָוואָיער.

**האָלאָוועשקע:** איך ווייס. דיעלאָ פּאָ דיעלאַם אַ סוד פּאָ פאָרמיע. מאַכט מען א געשעפט, דאַרף עס זיין פּאָ זאַקאָנו. איך דאַרף האָבן פון אייך אן אָבעזפּעטשעניע...

**מאָזגאָוואָיער:** וואָס איז שאַיעך? אַדעראבע, זאָגט, איך בין גרייט מיט קאָל האַבאוואָרענישן שעבאָוילעם. בא מיר איז ניטאָ קיין פליגן אין נאָז... באַ מיר וואָס געזאָגט, איז געזאָגט...

**האָלאָוועשקע:** איר דארפט מיר ארויסגעבן אַף פּאַפּיר אַ באַוואָרע־ניש, אַז איר אָטוועטשאַיעט מיט אייער טשאַסט פונם אויצער נאַ אָסנאָוואַניע פרינאַדלעזשאַשטשיך חאַם פּראַוו פּאָ זאַקאָנו ווסלו־טשאיע יעזשעלי...

**מאָזגאָוואָיער:** וואָס? וואָס? וואָס? כאַפּט נאָר ניט אַזוי! דאָס איז אַ זאַך, וואָס מע דארף עס גוט באַקלערן! (רייבט זיך דעם שטערן) ווייסט איר גאָר וואָס? קומט אריין מיט מיר אַהין, וועלן מיר זיך דאָרטן אַוועקזעצן און צעשרייבן זיך. דאָ קאָן מען אונז איבערשלאָגן. עס דאַרפן באלד אָנקומען געסט... (גייען ביידע אין צווייטן צימער). איך בין אַ מענטש, וואָס איך האָב ליב יעדע זאַך באַקלערן אַקוראַט...

**האָלאָוועשקע:** דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע...

(מאָזגאָוואָיער, האָלאָוועשקע אָפּ)

(עס קומט אָן באַשעווע מיטן איבעריקן געפעס)



## באַשעווע.

**באַשעווע** (שטעלט אויס דאָס געפעס, צינדט אָן די איבעריקע לאָמפּן)**:** זינט עס האָט זיך באַוויזן דער אויצער, האָט זיך אָנגעהויבן באַ אים אַ סעדרע פון סוידעס און סוידעס און סוידעס. מיט איטלעכן באַזונדער האָט ער סוידעס: מיט אידלען סוידעס. מיטן פּאָרעץ סוידעס. מיטן מעשומעד אויך סוידעס... גאָט ווייס, אַף וואָס מע קאָן אים אַרופירן... און דאָס קינד נעבעך וויינט, גיסט ווי אַ בערעזונע... (פארטראכט) דאָס הארץ איז מיר אזוי... אַ מאַמעס האַרץ... מיין שוועסטערס זון זאָל איצטער קומען, וואָלט איך אים צעריסן!...

(עס קומט אריין פון קיך זעלדע).

## זעלדע.

**באשעווע:** וואָס איז שוין ווידער, זעלדע?

**זעלדע:** גייט, וועט איר הערן, וואָס פּעסי דערציילט זיך אָן פונם אויצער. מע האָט געזעען, זאָגט זי, נעכטיקע נאַכט אַ פּאַרע, אזא מין רויך פון יענעם אָרט, וואו דער אויצער ליגט...

**באַשעווע:** אָט דאָס זיינט איר געקומען מיר דערציילן אצינד בעשאַס קנאַסמאָל? קיין אנדער ארבעט האָט איר ניט?

**זעלדע:** מאַזלטאָוו! איך טו דען ניט מיין ארבעט? איך בין נאָר געקומען זאָגן אייך, וואָס מע זאָגט וועגן אויצער...

**באַשעווע:** וואָס זיינט איר פארקאָכט אינם אויצער מער פון אלע אידן? עס וועט קומען די צייט, וועט מען אייך אליין זאָגן...

**זעלדע:** שווער צו וואַרטן, אַז מע איז אַ אידענע אן אַלמאָנע און מע דארף כאסענע מאַכן א טאָכטער און ס'איז ניטאָ מיט וואָס... (פויזע) באַלעבאָסטע, איך האָב צו אייך נאָך א זאַך...

**באַשעווע:** וואָס נאָך פאַר א זאַך?

**זעלדע:** מאַלאַניע די גאָיע האָט זיך געבעטן, איך זאָל אייך זאָגן. זי טראָגט שוין אַזאַ צייט וואַסער פאר דער שטאָט, זאָגט זי, און איר טראָפים, זאָגט זי, הייצט אין באָד פון די אידנס וועגן... מע האָט זיי קיינמאָל, זאָגט זי, ניט געכאַפּט אין קיין גנייווע... זיי גייען ביידע נאַקעט און באָרוועס... זי איז איצט אין קיך, מאַלאַניע...

**באַשעווע:** נו, וואָס־זשע וויל זי? מיינע צאָרעס? גיט איר אַ גלעזל בראָנפן. (וויל אָנגיסן א גלעזל ווישניק).

**זעלדע:** ניין, ניט דאָס מיינט זי. זי בעט, עפשער איז מעגלעך, איר זאָלט פויעלן באַם באַלעבאָס פון אירעטוועגן אויך אַ שטיקל כיילעק...

**באַשעווע:** א כיילעק אין וואָס?

**זעלדע:** וואָס הייסט אין וואָס? אינם אויצער.

באַשעווע (קוקט זי אָן): טפו זאָלט איר ניט ווערן! (גייט אין קיך, זעלדע גייט איר נאָך). אַ אידענע זאָל ליגן טאָג ווי נאַכט אין קאָהאָלשע זאַכן!...

(באַשעווע, זעלדע אָפּ)

(פון דער דרויסן-טיר קומען זיך צונויף איינציקווייס געסט: מענדל באָרד, עפראַים לאַקירדע, ניסל דערבאַרמיקער, אָורעמעלע מעלאמעד, כאַזן, שאַמעס, יענטע, העני, אסנע און נאָך אַ דריי, פיר אידן און ווייבער. אָנגעטון אַלע יאָנטעוודיק).

## באָרד, לאַקירדע, דערבאַרמיקער, יענטע, העני, אַסנע. מעלאַמעד, כאַזן, שאַמעס, אידן, ווייבער.

באָרד (דערזעט אפן טיש האָלאָוועשקעס היטל מיט דער קאָקאַרדע): ווער קאָן זיין דאָס קנעפּל?

דערבאַרמיקער: זעט אויס, אַ פּאָליציישקע היטל.

מעלאַמעד: די מאַשמאָעס, אַז ס'דאַרף זיין האָלאָוועשקע.

לאַקירדע: פונוואַנען איז געדרונגען?

באָרד: לאַקירדע דאַרף איבערשפּאַרן!

מעלאַמעד (באַטראַכט דאָס היטל פון אַלע זייטן, מיט גרויס רעשפּעקט): האָלאָוועשקעס היטל וועל איך דערקענען פאַר דריי מייל אין דער פינצטער. ער איז בא מיר אַן אָפּטער גאַסט אין כיידער.

כאַזן: וואָס טוט ער בא אייך אין כיידער?

שאַמעס: ער פאַרהערט די קינדער, ניט אַנדערש.

מעלאַמעד: איך האָב צו אים גאָרניט; ער איז אַ גוטער גאָי...

באָרד: אַז מע גיט אים, נעמט ער...

יענטע: געבן זאָל אים גאָט קריינק...

העני: פאַר קאָל־איסראָעל, טאַטעניו!

אַסנע: אָמיין, ריבוינע שעל אוילעם!

באָרד: וואָס קאָן ער טון דאָ, אַשטייגער, אינמיטן־דרינען?

דערבאַרמיקער: אַוואַדע וועגן אויצער!

לאַקירדע: פונוואַנען איז געדרונגען?

מעלאַמעד: די מאַשמאָעס, אַז מע דינגט זיך פאַרן אויצער.

כאַזן: האָלאָוועשקע נעמט אומעטום.

שאַמעס: ער נעמט פון טויט און פון לעבעדיק.

יענטע: נעמען זאָל ער אייך אַ מיסע־מעשונע.

העני: הייניטיקע נאַכט, גאָטעניו!

אַסנע: אָמיין, ריבוינע שעל אוילעם!

(פון דער אינעווייניקסטער טיר קומען אָן לייזער מאָזגאָוואָיער, אַ פאַרשוויצטער, און האָלאָוועשקע, מיט אַ בויגן פּאַפּיר אַריינגעשטעקט אין אַרבל. דער גאַנצער אוילעם אידן כאַפּן אַראָפּ די היטלען. אַלע פאַרנייגן זיך צום גאָראָדאָוואָי)



## מאָזגאָוואָיער, האָלאָוועשקע.

מאָזגאָוואָיער: באָרוך האַבאָ, געסט! זיצט, פאַרוואָס זיצט איר ניט? (קוקט זיך ארום) וואו איז דער כאָסן? ניטאָ נאָך? (צום כאַזן) כאַזן, איר זיינט שוין דאָ? עפשער וואָלט איר זיך אַוועקגעזעצט דערווייל שרייבן טנאָים? (ווייזט דעם כאַזן, וואו ער זאָל זיך אַוועקזעצן שרייבן. דער שאַמעס שטעלט זיך אוועק נעבן כאַזן מיטן טינט-און-פעדער).

האָלאָוועשקע (זוכט אָפּ דאָס היטל, געזעגנט זיך מיטן גאַנצן אוילעם מיט איין פאַרבייגן זיך): מעזשדו פראָטשים, דאָסווידאַניאַ! (צו לייזער מאָזגאָוואָיער, גיט אים די האַנט). דאָ פריאַטנאָוואָ סווידאַניאַ! (גייט צו דער טיר).

מאָזגאָוואָיער (באַגלייט אים צו דער טיר): גייט געזונט, רעב כאַים־בער!... (דער גאַנצער אוילעם קוקט זיך איבער). און זייט זיכער, אַז צווישן אונז וועט דאָס בלייבן. איך קאָן האַלטן אַ סאָד. איך הייס, פאַרשטייט איר מיך, לייזער מאָזגאָוואָיער!...

(אָף דער טיר באַגעגנט זיך האָלאָוועשקע מיט אידל טאָרבע.ביידע טרעטן אָפּ איינער דעם אַנדערן דעם וועג. דער גייט ניט אַריין, יענער גייט ניט אַרויס. אזוי לאַנג, ביז זיי שטופּן זיך דורך ביידע איביינעם, דער אַריין, דער אַרויס).

(האָלאָוועשקע אָפּ)

(אידל טאָרבע קומט מיט איציקן באַ דער האַנט. אידל איז אָנגעטון יאָנטעוודיק, אויסגעפּוצט ווי אַ כאָסן: אַ נייע קאַפּאָטע, נאָר קורצלעך אין סטאָן, די אַרבל שמאָל, די הויזן קורץ און ברייט, אַ בלוי סאַמעטן קאַשקעטל אפן קאָפּ, דאָס פּאָנים איינגעוואַשן, די האָר אָנגעשמירט מיט פעטן, נאָר די שפּיץ פינגער זיינען שוואַרץ, ווי טאָמיד.—איציק, אויך אָנגעטון שאַבעסדיק, אויך אויסגעצוואָגן, נאָר די נאָז ניט אין בעסטער אָרדענונג, כאָטש ער איז מיט איר באַשעפטיקט, ווישט זי אַלעמאָל מיט ביידע אַרבל, רעכטס און לינקס).

## אידל טאָרבע, איציק.

טאָרבע (צו לייזער מאָזגאָוואָיער): וואָס האָט געטון באַ אייך אָט דער שליי־מאַזל האָלאָוועשקע?

מאָזגאָוואָיער (אַ מאַך מיט דער האַנט, זיפצט): פרעגט גאָר ניט! (צום גאַנצן אוילעם) הערט איר, אידן, זינט גאָט האַנדלט מיט פּיאַווקעס, האָט ער נאָך אַזאַ פּיאַווקע ניט באַשאַפן, ווי אונזער גאָראָדאָוואָי, אימאַך שמוי ווזיכרוי! אַן אָקע בלוט האָט ער באַ מיר אויסגעצאַפּט הייניטיקן טאָג! איר זאָלט וויסן וואָס פאַר אַ האַסאָגע אָט דער מעשומעד האָט, וואָלט איר זיך געריסן באַ די האָר! ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ, וואָרום אז איר וועט זיין מיט אַכצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפן!

באָרד: אַכצן קעפּ אויך ניט טרעפן...

מאָזגאָוואָיער: נאָר מיט גאָטס הילף, הערט איר, איך מעג זיך טאַקע באַרימען, אָט דער קאָפּ זאָל מיר דינען! (פּאַטשט זיך אין שטערן) איך האָב אים אָנגעטון א ספּאָדיק!

באָרד: אַ ספּאָדיק!

מאָזגאָוואָיער: לאָז נאָר דער אייבערשטער העלפן, מיר זאָלן זיך שוין דערשלאָגן צום אויצער, וועל איך אייך, אימירצעשעם, דער־ציילן אין פריידן, וועט איר לאַכן—אוי, וועט איר לאַכן!..

באָרד: אוי, וועלן מיר לאַכן!

דערבאַרמיקער: האַלעוואי, ריבוינע שעל אוילעם, אידן זאָלן טאַקע טאָמיד לאַכן.

מאָזגאָוואָיער: לאַכן איז געזונט. דאָקטוירים הייסן לאַכן.

באָרד: דאָקטוירים הייסן לאַכן.

מאָזגאָוואָיער (פירט צו אידל טאָרבע אויבנאָן. איציק גייט אים נאָך): זיצט. איך גיי רופן די מעכוטענעסטע מיט דער קאלע. ווייבער מאַכן שיעס.

(מאָזגאָוואָיער אָפּ)

באָרד (צו אידל טאָרבע): איר גייט ניט אָנעם קליינעם קיין דאַלעד אמעס? (טאָרבע שווייגט).

דערבאַרמיקער: זיי האָבן מוירע פאר א גוט אויג (טאָרבע שווייגט).

יענטע (הויך): איציק האָט זיך קיין איינאָרע שיין פּאָפּראַוועט!

העני (נאָך העכער): אַפּאָנים, אַז דער אויצער האָט אים פּאָליובעט!

אַסנע (גאַנץ הויך): אַ מאַזל, קיין איינאָרע! וויפל מענטשן עס גייען דורכן יאָר אַפן בייסוילעם, געפינט מען צאָרעס. דער האָט פּאַר־בלאָנדזעט איינמאָל אפן אַלטן בייסוילעם, האָט אים גאָט באַ־גליקט אן אויצער...

טאָרבע (קאָן זיך שוין מער ניט איינהאַלטן): טאָג ווי נאַכט הערט מען נאָר: אויצער—אויצער! אויצער—אויצער!

באָרד: זיי זיינען זייער גערעכט: אויצער—אויצער! אויצער—אויצער!

טאָרבע (מיט אַ ברייטן טאָן): איר זיינט טאַקע אנדערש ניט געוואוינט געוואָרן נאָר צו אויצרעס? איר זיינט אויסגעוואָקסן אף אויצרעס?

באָרד: אויסגעוואָקסן אף אויצרעס?

טאָרבע (נאָך ברייטער): וואָס וואָלט איר געטון, לעמאָשל, ווען מיין זון פאַרבלאָנדזעט ניט, ווי איר זאָגט, שיוואָסאָר בעטאמוז אַפן אַלטן בייסוילעם און געפינט ניט קיין נאַפּאָלעאָן?

באָרד: קיין נאַפּאָלעאָן?

טאָרבע: מיסטאַמע איז זיין גליק אַזוי.

באָרד: זיין גליק אַזוי.

לאַקירדע: ווער נעמט דען אָפּ בא אים, כאָלילע?



טאָרבע: וואָס־זשע וואַרפט איר אויס אַלע מינוט דעם אויצער? און וואָס ציטערט איר אַזוי? דאַכט זיך, איר זעט, מע שלאָפט ניט, מע גראָבט, מע זוכט, מע נישטערט...

באָרד: מע זוכט, מע נישטערט.

טאָרבע: מ׳איז שוין, באָרוכאַשעם, ניט וויט פונם אויצער...

באָרד: ניט וויט פונם אויצער...

איציק (טוט א ברייטן ניס): אַפּטשכי!

טאָרבע: איציק, די נאָז!..

באָרד: איציק, די נאָז! אָט האָט ער בעעמעס גענאָסן.

יענטע: צו געזונט זאָל אים זיין...

העני: צו אַריכעס יאָמים...

אַסנע: אָמיין, ריבוינע שעל אוילעם!...

(עס קומען אָן פון דער אינעווייניקסטער טיר: לייווי מאָזגאָוואָיער, באַשעווע און עסטער. עסטער איז אויסגעפּוצט, ווי א קאלע. אין פּאָנים קיין טראָפּן בלוט. גייט לאַנגזאַם. די אויגן אַראָפּ. די מוטער באַזעצט זי אויבנאָן צווישן די ווייבער, אקעגן כאָסן. די ווייבער קוקן זיך פּילדרייטיק איבער).

## מאזגאָוואָיער, באשעווע, עסטער.

מאָזגאָוואָיער (מיט פארקאַטשעטע אַרבל, ווי א מעכוטן; צום אוילעם): אַצינד, מיינע ליבע געסט, צעזעצט זיך אף די ערטער. באַלד מיסטאָמע וועט קומען דער ראָוו, וועלן מיר אויסהערן די טנאָים. (צום כאָזן, פונדערווייטן) איר זיינט שוין באַלד פאַרטיק, כאַזן?... נאָכדעם וועלן מיר עפּעס נעמען אין מויל אריין...

באָרד: נעמען אין מויל אַריין...

מאָזגאָוואָיער (צו באַשעווען): גיב דערווייל איציקן עפּעס אין מויל אריין, לאָז ער קייען...

באָרד: לאָז ער קייען...

(באַשעווע טראָגט אונטער איציקן א שטיק לעקעך. איציק קייט, דער אוי־לעם זעצט זיך אויס אַרום טיש. מאַנסבעלן באַזונדער, ווייבער באַזונדער. עס עפנט זיך די דרויסן-טיר און עס קומט אַריין דער ראָוו, א גרייז-גרויער שיינער מאַן, מיט א ברייט-שוואַרצן אויבער-מאַנטל, מיט א שניי-ווייסן קאָלנער, מיט א ברייטן שטריימל פון סויבלען אפן קאָפּ.—דער גאנצער אוי־לעם שטייט אוף פאר אים, ווי איין מענטש. מע טרעט אים אָפּ דעם אויבנ־אָן. באשיידן זעצט ער זיך אוועק בא אַן עק טיש. די אויגן שטראַלן. דאָס פּאָנים לייכט).

## ראָוו.

מאָזגאָוואָיער (צום ראָוו): רעבע, מע וואַרט אף אייך מיטן קנאַסמאָל.

ראָוו: לאָז גאָט געבן, ס׳זאָל זיין אין א גוטער שאָ, אַ סימען טאָוו און א מאַזלטאָוו אף קאָל איסראָעל, איך זאָל זוכע זיין בא אייך, און איר

אַלע איינס באַ דאָס אַנדערע, קינדערלעך, אף סימכעס, נאָר אף סימכעס! וואָרום וואָס מער פריילעכקייט—אַלץ נעענטער צו גאָט, וואָס מער כעדווע—אַלץ נעענטער צו דער שכינע... זייט־זשע זיך, קינדערלעך, מעסאַמייעך מיט אייער פאָטער, ווענט איר אין דעם זכוס געפינען דאָס, וואָס איר זוכט... שוין צייט, שוין לאַנג צייט... עמך ישראל, צריכין פּרנסה... אידן, נעבעך, דאַרפן האָבן ברויט. (דער אוילעם זיפצט, די ווייבער ווישן די אויגן). פריילעך זיין, קינדער, בעהאַרכאָוועס האַדאַס, אין דער גוטער צייט, איז קיין קונץ ניט. אַדעראבע, ווייזט אַרויס פריילעכקייט דאַפּקע אין דער שלעכטער צייט פונם גאָלעס, דאַפּקע דעמאָלט, ווען ס'איז ביטער אפן האַרצן, דאַפּקע דעמאָלט, ווען ס'איז כלו כל הקיצין!.. (דער אוילעם זיפצט, די ווייבער וויינען שטיל) וואָרום דער אייבערשטער האָט האַנאָע, אַז זיינע קינדער זיינען פריילעך... אויב איר זיינט פאַרטיק, הייסט לייענען טנאָים...

**מאָזגאָוואָיער** (צום כאַזן): זייט־זשע מויכל, כאַזן, אַהער מיט די טנאָים.

(דער כאַזן גייט צו מיט א אָנגעשריבענעם בויגן פּאַפּיר. נאָך אים גייט נאָך דער שאַמעס).

**ראָוו** (שטייט אוף. עס שטייט אוף אויך דער גאַנצער אוילעם. דער ראָוו גיט מאָזגאָוואָיערן זיין פּאַטשיילע): נאַ דיר, לייווי, די פּאַטשיילע, זיי מעקאַבל־קיניען באַ כאָסן־קאַלע.

**מאָזגאָוואָיער** (נעמט באַם ראָוו די פּאַטשיילע, טראָגט צו פריער צו אידלען): רעב אידל! זייט מעקאַבל־קיניען. (אידל טאָרבע רירט זיך צו צו דער פּאַטשיילע. מאָזגאָוואָיער טראָגט צו דיזעלבע פּאַטשיילע צו דער טאָכטער). עסטער, זיי מעקאַבל־קיניען (עסטער רירט זיך צו צו דער פּאַטשיילע, איר פּאָנים איז טויט-בלאַס).

**ראָוו**: אַצינד לאָז דער כאַזן לייענען די טנאָים. (דער כאַזן צענעמט דעם בויגן פּאַפּיר. דער שאַמעס שטייט גרייט מיט א טעלער אף צעברעכן אים. די ווייבער האָבן אָנגעשטעלט פרומע פּענימער, גרייט אף צו גיסן טרערן. פון קיך קומט אריין זעלדע די קעכן, בלייבט שטיין באַ דער טיר אויך מיט א פרום פּאָנים, אף צו הערכן, ווי דער כאַזן וועט לייענען די טנאָים).

**כאַזן** (צעשאָקלט זיך, הייבט-אָן הויך אף א קאָל): „המגיד מראשית אחרית...“

(עס עפנט זיך די דרויסן-טיר און עס באַווייזט זיך א יונגער פּאַרשוין, אַ פרישער, א געזונטער, מיט א גלאַט פּאָנים, מיט צוויי טשעמאָדאַנעס איןביידע הענט, מיט א געלן רייזנטאַש איבער די פּלייצעס. אָנגעטון איז ער אין א לאַנגן קעסטלדיקן אויבעראָק, קעסטלדיקע הויזן, א ווייסע וועסטע, א קעסטלדיק רייזע-מיצל אפן קאָפּ. זעט אויס, ווי אַן עכטער איינגלענדער. אַלע דרייען אויס די קעפּ צו דער טיר, באַטראַכטן דעם אריינגעקומענעם אוירעך. דער אוירעך באַטראַכט דעם אוילעם.—די ערשטע האָט אים דערקענט באַשעווע, אַז דאָס איז בעני, איר שוועסטערס זון פון אַמעריקע).



## בעני בען.

**בעני בען** (זוכט מיט די אויגן זיינע אייגענע. לאָזט אָפּ די טשעמאָדאַנעס).

**באַשעווע** (א פּלעסק מיט די הענט): בעני! מיין שוועסטער זלאַטעס זון!

(טוט זיך א לאָז צו אים) אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך!

(פאַלט אים אַפן האַלז, וויינט).

**בעני**: טאַנטע! (פון באַשעווען צו לייווי מאָזגאָוואָיער) אָנקל! (קושן זיך).

**עסטער**: מאַמע! (פאַלט כאַלאָשעס. די ווייבער כאַפּן זי אונטער).

**ווייבער**: וואַסער! די קאַלע כאַלעשט! וואַסער!

**אַלע** (איינס צו דאָס אַנדערע): וואַסער! די קאַלע כאַלעשט! וואַסער!

(פאָרהאַנג).

# דריטער אַקט.

(באַ לייווי מאָזגאָוואָיער. דאָסזעלבע צימער, נאָר שענער מעבלירט. אַלעס איז ניי, אַלעס גלאַנצט. — א בעטל נאָך ניט פאַרבעט פון דער נאַכט. — באַ א שרייבטישל זיצט אין א מאָרגנרעקל בעני בען, שרייבט א בריוו).

**בעני** (געענדיקט דעם בריוו, שפּאַרט זיך אָן אין שטול, די פיס ארוף אפן טיש, אף דעם אַמעריקאַנישן שטייגער, לייענט דעם בריוו):

„מאַי דיר סעם!

„איך שרייב צו דיר דיז לעטער פון א עסאילום, פון אַ הויז „פון פלענטי מעשוגאָים. ניט נאָר פון א הויז, פון א שטאָט פון מעשוגאָים. אַלע, פון קליין ביז גרויס, זיינען דאָ „פאַריקט: זיי זוכן אַן אויצער, דרייצן פעסלעך גאָלד אַף די „סעמעטערי, אַפן אַלטן בייסוילעם, און זיינען איבערצייגט, אַז ניט „היינט איז מאָרגן וועלן זיי דאָס געפינען! פרעג מיך ניט, סעם, „וואָס איך טו בעטווין אַזעלכע מעשוגאָים. איך בין אָללרייט. „אַי העוו א קוזינע, עסטער איז איר ניים, מעג די גאַנצע וועלט „אַראָפּ פון זינען נאָר פאַר אירע אויגן אַליין. אַילבעטשיו, אז אין „גאַנץ אַמעריקע פון נ״ו־יאָרק ביז פלאָרידא איז ניטאָ נאָך אַזעלכע „אויגן! דערוויל איז זי פאַרלאָבט מיט א דזשענטעלמען א אידיאָט. „נאָר זיי רואיק, סעם, לאָז מיין נאָמען ניט הייסן בעני בען, אויב „איך ברייננג זי ניט צו פירן אַהיים, אַלס מיין געזעצלעכע מיסעס, „אין פאַרלויף פון דריי וואָכן צייט! גיב אַכטונג, סעם, אף די האָם, גרייט צו די רומס און ערוואַרטע מיך מיט מיסעס בען ענדע דיז מאָנט.

„יור פרענד בעני בען״.

(פאַרכאַסמעט דעם בריוו. עס הערט זיך פון דער אינעווייניקסטער טיר א קלאַפּ).

**בעני**: קאַמין! (עס קומט אריין עסטער מיט א בעקן טיי מיט מילך מיט געבעקס שטעלט אוועק אפן טיש. — איר פּאָנים שיינט).

## עסטער.

**בעני** (כאַפּט זיך אוף): האַודוּיוּדוּ, עסטער? (נעמט זי פאַר א האנט, זעצט זי אוועק) נאָר וואָס האָב איך אַוועקגעשריבן א לעטער צו מיין פאַרטנער



סעם, ער זאָל אונז ערוואַרטן, מיך און דיך, ניט שפּעטער ווי אין דריי וואָכן אַרום, ביקאָז מיר זיינען באַלד גרייט צו דער רייזע.

**עסטער** (לאַכט): דו זאָגסט עס אַזוי פּראָסט, גלייך ווי דו ווייסט דאָס פאַר געוויס...

**בעני**: שור! איך ביז אין דעם איבערצייגט, ביקאָז איך וויל אַזוי, און קוים וויל איך אַזוי, מוז דאָס אַזוי זיין! ניטאָ א זאַך אף דער וועלט, וואָס א מענטש וויל גרייכן און זאָל ניט קענען — יו ענדערסטענד?

**עסטער**: גליקלעכע דאָרט באַ אייך, גליקלעכע מענטשן!... איך קוק אַף דיר און וואונדער מיך: ביסטו דען ניט מיט מיר פון איין מישפּאָכע, פון איין שטאָט געבוירן, פאַרוואָס ביסטו אַנדערש, ניט אַזוי, ווי מיר אַלע?

**בעני**: וועלל! איך בין דערזעלבער, אָבער איך בין אַנדערש ערצויגן. איך בין אויסגעוואקסן אַף דעם אַמעריקאַנישן באָדן, זיך אָנגעשמעקט מיט אַמעריקאַנישע לופט. דאָרט אַרבעט יעדער פאַר זיך. דאָרט קוקט מען ניט אַרויס אַף ניסים, אַף אויצרעס...

**עסטער**: וואָס־זשע, דו גלויבסט ניט בעשומויפן, אַז עס קאָן זיך אַמאָל געפינען ערגעץ?...

**בעני**: נעווער! קיינמאָל ניט! אויב ס׳איז דאָ ערגעץ אַן אויצער — איז ער באַ אונז, אין אַמעריקע. ס׳איז דאָ באַ אונז א לאַנד, הייסט עס „קלאָנדייק״. אַהינצו פאָרט מען גראָבן גאָלד פון דער ערד, אַזוי ווי מע גראָבט באַ אייך זאַמד. אַהינצו האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מענטשן, פּראָסטע אַרבעטער, אָרעמע לייט, און געקומען אין עטלעכע יאָר צוריק מיליאָנערן!

**עסטער**: דו ביסט דאָרט געווען?

**בעני**: נאָ! איך האָב געפונען מיין „קלאָנדייק״ באַ מיר אַף מיין פלאַץ. איך האָב געטראָפן א פארם אַ סטעפּ און געמאַכט פון דעם א גאַנידן, און אַליין מיט מיינע אייגענע הענט צעאַקערט, געגראָבן ברונעמס...

**עסטער**: ווייסטו וואָס מע זאָגט אַף דיר? אַז דו האָסט דאָרט געקויפט אַ שטיקל ערד, און גאָט האָט דיך באַגליקט, דו האָסט געגראָבן אַ ברונעם און געפונען אַן אויצער...

**בעני** (צעלאַכט זיך): אומעטום זענען זיי אויצרעס. עס כאָלעמען זיך זיי אויצרעס. ווילסט וויסן וואָס איז אַן אויצער? אָט איז אַן אויצער (ווייזט איר אף זיינע הענט. עסטער קוקט אים אין די הענט אריין). אָט מיט די הענט, אָט מיט די צען פינגער בין איך מיט אַכצן יאָר צוריק געקומען אַן עלנטער, אַן אָרעמער יאָסעם אין א פרעמד לאַנד, אָן אַ שפּראַך, אָן לייב און לעבן, און אַליין, מיט אָט די הענט,

זיך דורכגעשלאָגן, ניט ארויסגעקוקט אַף קיין וואונדער פון אויבן און אַף אויצרעס פון אונטן, ביקאָז ס'איז ניטאָ קיין וואונדער אַף דער וועלט, ניטאָ קיין אויצרעס!

**עסטער** (פאַרטראַכט): ניטאָ קיין אויצרעס?...

**בעני** (ענערגיש): ניטאָ! ס'איז אַ כאָלעם! אַ נאָנסענס! א בלאָף, אַ פאַנטאַזיע — יו ענדערסטענד? איך מוז זיי דאָ אַלע איבערצייגן. איך מוז זיי דאָ אַלע עפענען די אויגן, און לאָז מיין נאָמען ניט הייסן בעני בען, אויב איך וועל דאָס ניט דורכפירן!

**עסטער**: איך קאָן מיר גאָרניט פאָרשטעלן, וואָס וועט זיין מיט זיי... (פאַרזאָרגט) און מיין טאַטע — ער וועט דאָס ניט איבערטראָגן! מיין טאַטע...

**בעני** (גייט אַרום): וועלל! מע דאַרף אים אויסהיילן. מע דאַרף זיי אַלע היילן, ביקאָז זיי זיינען קראַנקע מענטשן. מע דאַרף זיי עפענען די מויכעס, אומקערן זיי צוריק צו זייערע ביזנעס. יו ענדערסטענד? (שטעלט זיך אַוועק אַקעגן עסטערן) און אַז איך וועל זיי אויסהיילן, און פריער פון אַלעמען דעם אָנקל לייווי, וועט ער דערזען, וואָס פאַר אַ דומהייט און וואָס פאַר אַ אומרעכט ער האָט באַגאַנגען דערמיט, וואָס ער האָט דיך געוואָלט אַוועקגעבן צו אַזאַ נאָטינג, ווי דער פאַרקריפּלטער כאלפן. און ער וועט זיין צופרידן, וואָס איך בין געקומען פון אַמעריקע אַהער צו דער ריכטיקער צייט... (זעצט זיך אַוועק, צו עסטערן) בין איך געקומען אין דער ריכטיקער צייט? זאָג.

**עסטער**: איך האָב גאָר מוירע טראַכטן וועגן דעם, וואָס וואָלט געווען, וואו וואָלט איך שוין איצט געווען, ווען דו קומסט ניט יענעם אָפדערנאַכט...

**בעני**: דאָס זאָלסטו ניט זאָגן מער. דאָס איז א נאָנסענס, שטאַרבן איז קיין קונץ. אַ קונץ איז לעבן און קעמפן פאַרן לעבן. דאָס לעבן, עסטער, איז אַ קאַמף, אַ שווערער קאַמף! (נעמט זי פאַר ביידע הענט) דאָס לעבן איז... (עס עפנט זיך שטיל די דרויסן-טיר און עס ערשיינט באַשעווע).

## באשעווע

(באַשעווע מיט אַ גרויסן קויש פון מארק מיט עסנוואַרג. — דערזעען, ווי בעני האַלט עסטערן פאַר די הענט, לאָזט זי אַרויס דעם קויש און עס צעפאַלן זיך אַף דער ערד די איינגעקויפטע זאַכן און עס קאַטשען זיך קאַרטאָפליעס, ריבן, ציבעלעס און שאַריעראָקעס)

**באַשעווע** (מאַכט זיך ווי זי האָט גאָרניט געזעען): אָט האָב איך אייך געבראַכט, און אָט ליגט עס. (בייגט זיך צו צו דער ערד, קלויבט צונויף).



**בעני** (טוט זיך אַ וואָרף, העלפט צונויפקלייבן): אָט וועל איך אייך העלפן, מומעניו (קלויבט).

**באַשעווע**: אַדאַנק. לעמאַי זאָלסטו זיך מאַטריען זיין? (קלויבט).

**בעני**: נעווערמיינד! איך בין אינגער פון אייך (קלויבט).

**באַשעווע** (צונויפגעקליבן, שטייט אויף פון דער ערד. מאַכט זיך ווי זי האָט נאָר-וואָס דערזעען עסטערן): זע נאָר, דו ביסט אויך דאָ, עסטערל? האָסט געבראַכט בענין טיי? אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי איך האָב מיר געטראַכט, גייענדיק אַהיים: ווער וועט זיך דערמאָנען געבן מיין פלימעניק טיי? אַפּאָנים, אז אייגנס איז ניט פרעמדס... וואו מיינט איר, קינדער, בין איך געווען אַ גאַנץ פרימאָרגן? געשטאַנען מיט טויזנט ווייבער און געשמועסט. ווייבער האָבן אין זיך ניין מאָס רייד. יעדע באַזונדער שטעלט מיך אָפּ: גוט מאָרגן, גוט יאָר... גאָט ליב אייך מיט אייער גאַסט... איר האָט אַ גאַסט פון אַמעריקע... אייער שוועסטערס זון... וואָט טוט ער... וואָס מאַכט ער... ס'איז עמעס, וואָס מע זאָגט, אַז ער האָט דאָרטן געפונען אַן אויצער?..

**בעני** (לאַכט): נו? וואָס ענטפערט איר דערויף, מומע?

**באַשעווע**: מאָל דיך, איך ווייס שוין, וואָס צו ענטפערן. דו מיינסט, איך בין טאַקע אָט דאָס, וואָס דער פעטער זאָגט אַף מיר? (צו עסטערן) נעם, טאָכטער, דאָס אַלעס און טראָג עס אָפּ אין קיך אַריין. איך וועל באַלד אויך אונטערקומען. זאָג זעלדען, זי זאָל איינהייצן אין אויוון.

(עסטער אָפּ)

(באַשעווע נעמט זיך צו בעטן די בעט, זיפצט)

**בעני**: עפשער וואָלט איר זיך צוגעזעצט אַ ווײַלע שמועסן אַ פּאָר ווערטער? זינט איך בין דאָ, שוין באַלד אַ וואָך, האָבן מיר נאָך קימאַט גאָרניט גערעדט מיט אייך.

**באַשעווע**: וועגן וואָס, לעמאָשל, ווילסטו מיט מיר ריידן? ווידער אַמאָל וועגן אויצער? אוי, אָט דער אויצער, אָט דער אויצער! גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד!... (הערט ניט אויף בעטן די בעט) וואָס ווייסטו, וואָס איך טראָג פאַר צאָרעס!... זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויצער, ווייס איך ניט וואָס מיטן פעטער איז געוואָרן... עס מאָלט זיך אים אויס, אַז די גאַנצע וועלט זיינען אים סאָנים, אַז אַלע זיינען אים מעקאַנע אָפּן שידעך...

**בעני** (לאַכט): מעקאַנע אָפּן שידעך?...

**באַשעווע**: וואָס ווייסטו? וואָס ווייסטו? ... איך בין שטאַרקער פון אייזן, זאָג איך דיר! אַז איך טו אַ קוק, צאָרעס מיינע גרויסע,

אַף דעם כאַלפן, ווייס איך אַליין ניט, וואָס איך זאָל טון: צי זאָל איך בעטן גאָט פאַרן אויצער, צי, כאָלילע, פאַרקערט?

בעני: מומע! איר פאַרשפאָרט גאָט בעטן, ביקאָז עס ווען גיכער די טויטע אופשטיין פון די קוואָרים, איידער איר וועט געפינען אַן אויצער אפן בייסוילעם...

באַשעווע: ששש... רעד ניט אַזעלכע ווערטער! עס קאָן נאָך אָנקומען, כאָלילע, דער פעטער!... דו ווייסט דען ווי ער איז פאַרקאָכט אינם אויצער? דער מענטש איז זיך מאַפקיר — פרעג צוליב וואָס? צוליב דער שטאָט. ער איז מעכויעוו פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט. צוליב דער שטאָט האָט ער מאַפקיר געווען זיין קינד, זי פאַרקויפט צום כאַלפן... (קוקט זיך ארום, רעדט שטיל) ער האָט אים נאָר פאַרקישעפט, אָט דער כאַלפן, מיטן אויצער... ער וואָלט זי שוין ביז אַהער פאַרשלייערט, ווען ניט אָט דער האָלאָוועשקע, לאַנג לעבן זאָל ער, אַף קיין שלעכט אָרט זאָל ער ניט שטיין.

בעני: וואָס איז דאָ האָלאָוועשקע פאַר אַ מעכוטן?

באַשעווע: שוין איינמאָל א מעכוטן! זעץ דיך, וועל איך דיר עפעס דערציילן אַ שיינס. (זעצט זיך אוועק) נאָר איינס וועל איך דיך בעטן — קיין פויגל טאָר ניט וויסן.

בעני: קאָנספירייישאָן, מומע, נאַט אייך מיין האַנט.

באַשעווע: אַפילע עסטער טאָר דערפון ניט וויסן, דו הערסט?

בעני: אָללרייט!... זייט זיכער, מומע!

באַשעווע: אָט דער האָלאָוועשקע איז אַ מעשומעד און רעדט אידיש, דערפאַר האָט מען אים צוגעשיקט אַהער פאַר אַ גאָראָדאָוואָי, ער זאָל, הייסט עס, אַכטונג געבן אַף די אידן. גיט ער אַכטונג און נעמט פון טויט און פון לעבעדיק. נאָר פון זינט עס האָט זיך אַנטפלעקט דער אויצער, ציט ער מאַמעש די קליי, טאַקע נאָר ווי א נאַיאָמשטשיק! דאָ ניט לאַנג איז ער זיך מעיאַשעוו, ס'איז אים נימעס געוואָרן די שמאַד, קומט ער צו גיין צום פעטער און זאָגט אים אויס אַ סאָד, אַז ער וויל ווערן צוריק אַ איד, און הייסט, אַז מע זאָל אים אַפן כעשבן פונם אויצער אַריבערפעקלען קיין ערעציסראָעל און דאָרט וועט ער, זאָגט ער, זיך מעגאַייער זיין און כאַסענע האָבן — טרעף פאַר וועמען?

בעני: וועלל! פאַרן מאַלאַכאַמאָוועס?

באַשעווע: וואָס עפעס פאַרן מאַלאַכאַמאָוועס, נאַרעלע? פאַרוואָס ניט פאַר עסטערן?

בעני: פאַר וועלכער עסטער?



באַשעווע: פאַר אונזער עסטערן. זי איז אים געפעלן אין שלייער. ער איז, זאָגט ער, נאָך איר די קאַפּאָרע, די קאַפּאָרע מעג ער זיין פאַר איר מינדסטן נאָגל.

בעני (שיסט אויס א געלעכטער): נו, און דער אָנקל וואָס זאָגט? ניט אָנגענומען פאַרן קאַרק און ניט געוויזן די טיר?

באַשעווע: כאַס־וועכאָלילע! דו פאַרגעסט, ווער האָלאָוועשקע איז? דער פעטער האָט זיך געמוזט מיט אים צעשרייבן אַף פּאַפּיר, אַז באַלד נאָכן אויצער... דו פאַרשטייסט?... פון איין זייט — אידל טאָרבע שלאָגט האַלז און נאַקן, מע זאָל שטעלן כופּע, פון דער אַנדער זייט — האָלאָוועשקע סטראַשעט, אַז טאָמער גיבן מיר אָפּ עסטערן פאַרן כאלפן, אַזוי גייט ער גלייך אַוועק און גיט איבער דעם אויצער צו קאַזנאַ...

בעני (כאַפּט זיך באַ די זייטן, קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער): מומע! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! אַ באַשרייבונג צו מאַכן פון אייך! אַ טעאַטער! אַ קאָמעדיע! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!..

(פון דער דרויסן-טיר קומט אָן לייווי מאָזגאָוואָיער; באַשעווע נעמט זיך צוריק צום בעט און צו די קישנס)

## מאָזגאָוואָיער

מאָזגאָוואָיער: דיין פלימעניק האָט זיך עס אַביסל פאַנאַנדערגעלאַכט, — וואָס איז אים?

באַשעווע (בעט): ס'איז אים, קיין איינאָרע, גוט אַפן האַרצן, לאַכט ער...

מאָזגאָוואָיער: סיידן אַזוי... אַוואַדע, ווען גאָט העלפט אייגענע אימעניעס אין אַמעריקע מיט פערדלעך, מיט הייזער, מיט גערטנער, מיט קאָל־טווו, מעג מען טאַקע לאַכן... מיר לאַכט זיך ניט... דאָ האָט נאָך קיינער אַזוי ניט געלאַכט... דאָ פאַלט מען מיטן פאָנים צו דער ערד... דאָ גייט מען אויס פאַר אַ שטיקל ברויט... פון איין זייט אַ פּאָרעץ, פון דער אַנדער זייט אַ האָלאָוועשקע,—ניין, עס לאַכט זיך ניט!... אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס גאָט האָט זיך אַרומגעקוקט אַף אונז, צוגעשיקט אַ שטיקל האָפענונג, אָט דעם אויצער... (צו בענין) אַ גוט מאָרגן דיר, בעני! דו שלאָפסט ווי אַ פּאָרעץ, ווי אַן עמעסער פּאָמעשטשיק... אַפּאָנים, באַ אייך אין אַמעריקע זיינען זיך אַלע אַזוי נויעג שלאָפן ביז זייגער דרייצן?... באַ אונז ווייסן מיר ניט פון אַזאַ ראָסקאָש. לעמאָשל, ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס איך האָב היינטיקן פרימאָרגן מעסאַקן געווען — אַ שרעק! (פּאַכט זיך מיטן היטל איבערן קאָפּ, פאַרקאַטשעט די אַרבל).

באַשעווע: ווער קאָן זיך גלייכן צו דיר? דו טראָגסט אַפן קאָפּ די גאַנצע וועלט...

מאַזגאָוואָיער: אָט איז זי דאָ! (צו באַשעווען) וואָס האָסטו געוואָלט? זאָל איך לאָזן אַ שטאָט העפקער? ניט גיין צו אייזיקן געבן אים אַ וויסטן סאָף פאַר זיין אײדעם? (צו בענין) ס'איז דאָ באַ אונז אַ באַלעבאָס אייזיק, ער רעכנט זיך אַ נאָגיד, ער האָט אַן אייגענע שטוב, — איך וואָלט זיך פונדעסטוועגן ווינשן פאַרמאָגן, וואָס ער איז אַף איר שולדיק, — האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַן אײדעם פון דער ליטע, אַ קענער, זאָגט מען, אַ ווילדער באַל־טאַנאַך! ער שרייבט אין די גאַזעטן, שרייבט ער. האָב איך קאָם געפּויעלט באַ אים, דאָס הייסט באַ זיין שווער, ער זאָל ניט אַריינשרייבן וועגן אויצער, ווארום מע וועט געוואָר ווערן פונם אויצער, וועט מען זיך געבן אַ לאָז אַהער, ווי נאָך מאַצע־וואַסער, פון דער ליטע און פון קאָל טפוצויס איסראָעל... (בעני וויל אים עפּעס זאָגן, לאָזט ער אים ניט). האָב צייט, ביסט נאָך ניט פאַרטיק. פון דאָרט האָב איך געהאַט נאָך אַ לויפעניש, צו אידלען, מיקויעך אַוורעמעלע מעלאַמעד.

בעני: וואָס וויל דער?

מאַזגאָוואָיער: דאָס, וואָס אַלע אידן — אַ כיילעק אינם אויצער. דאָס הייסט, ער וויל אָנדערהאַלבן כאַלאָקים. ער האָט אַ טאַינע: ווען ניט ער, וואָלט אידלס קאַדיש ניט געפונען דאָס רענדל אַפן בייסוילעם. האָב איך זיי קאם אויסגעגלייכט. איך האָב פיינט מאַכלויקעס. אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרוף. לאָזן אַלע אידן האָבן אַ כיילעק, ווי אין פּירעק שטייט געשריבן: „כל ישראל יש להם חלק...“ דו געדיינקסט נאָך אַ אידיש וואָרט, צי ווער־וואָס?

בעני: באַ אונז אין אַמעריקע...

מאַזגאָוואָיער (שלאָגט אים איבער, צו באַשעווען): באַ זיי אין אַמעריקע!... וואָלסט געמעגט מיינען, אַז באַ זיי אין אַמעריקע איז אַן אַנדער הימל, מיט אַן אַנדער ריבוינע שעל אוילעם... (צו בענין) הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך בין ניט קיין באַל־גאַיווע און קיין באַרימער אַוואַדע ניט. דו האָסט מיך שוין באַדאַרפט אַביסל דערקענען: איך בין דיר אָרעוו, אַז וואָס אייך מאָלט זיך אויס דאָרט, אַז איר ווייסט, האָבן מיר דאָ שוין לאַנג פאַרגעסן. אַ סימען האָסטו — לאָז דער אייבערשטער טון אַ נעס, מיר זאָלן שוין געפינען דעם אויצער, וועסטו זען, אַז האַלב אַמעריקע וועלן קר־מען צו אונז אַהער זוכן אויצרעס...

בעני. אָנקל! איר האָט אַ מיסטייק!

מאַזגאָוואָיער: אַ וואָס, אַ גוט אויג?

בעני: אַ מיסטייק, אַ טאָעס... באַ אונז אין אַמעריקע גלויבט מען ניט אין אַזעלכע דומהייטן. באַ אונז איז דאָ אַ וואָרט: „העלפּ יור זעלף“...

מאַזגאָוואָיער: וואָס הייסט דאָס אַף אונזער מענטשלעכן לאָשן?



בעני: דאָס הייסט, יעדער פאַר זיך; איטלעכער זאָל העלפן זיך אַליין.

מאַזגאָוואָיער (צעלאַכט זיך ברייט. צו באַשעווען): וואָס זאָגסטו אַף דיין פּלימעניק? אַ נייס באַ אים, געבראַכט אַזש פון אַמעריקע! (צו בענין) נעם עפּן אויף דעם פּירעק, וועסטו זען, וואָס אונזערע כאַכאָמים האָבן געזאָגט: אם אין אני לי — ווען ניט איך פאַר מיר, מי לי — ווער־זשע פאַר מיר?

בעני: וועלל! מיסטאָמע האָבן זיי עס טראַנסלייטעט, איבערגעמאַכט פון איינגלישן...

מאַזגאָוואָיער (אופגעבראַכט): וואָס? אונזער פּירעק האָט גענומען באַ אייער אַמעריקע? מע דאַרף האָבן אַן אַזעס זאָגן אַזעלכס אַף אונזער היי׳ליקער געמאָרע!...

באַשעווע (האָט מוירע פאַר אַ סקאַנדאַל): ער זאָגט דען עפּעס כאָלילע אַף דער געמאָרע?

מאַזגאָוואָיער (לאָזט אויס צום ווייב): דו ביסט דאָך נאָר אַ אידענע אַ בעהיימע, וואָס מישסטו זיך אַריין צווישן מאַנסבלען? דיין אָרט איז דאָרטן, צווישן די טעפּ!...

בעני (שטעלט זיך איין): אָנקל! לעמאַי באַליידיקט איר אַזוי די מומע? זי איז דאָך אַ לעדי...

באַשעווע (צו בענין): קינד וואָס דו ביסט! דער פעטער מיינט דען דערמיט עפּעס שלעכטס כאָלילע? פון נאָך דער כאַסענע אָן הער איך פון אים אַזעלכע ווערטער; עלעהיי גוט מאָרגן, סקאָצל קומט... מיר זיינען צום ראָוו וועגן אַ געט קיינמאָל ניט געגאַנגען... פון די רייד וועט קיין אָנבייסן, האָב איך מוירע, ניט ווערן. מע דאַרף גיין אַ שמעק טון, וואָס הערט זיך עפּעס אין קיך באַ זעלדען... (גייט אין קיך).

(באַשעווע אָפּ)

מאַזגאָוואָיער: די מומע דיינע, זאָלסט מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, איז אַפּילע אַ גאַנץ ערלעכע אידענע, נאָר עס פעלט איר אָט דאָ (ווייזט אַפן שטערן). אַלע ווייבער אַזוי. לאַנגע האָר, קורצער סייכל. גאָט האָט זיי שוין אַזוי באַשאפן, אַ פאַרפאַלענע זאַך...

בעני: איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדן, אָנקל, זייער אַן ערנסטן אינטערעס...

מאַזגאָוואָיער: טאַקע בעעמעס? איך אויך. זעץ דיך נאָר אַוועק, וועלן מיר שמועסן (זעצן זיך אַוועק בײדע איינס אקעגן דאס אנדערע).

בעני: וועלל! זאָגט איר פריער, איר זענט עלטער.

מאַזגאָוואָיער: זאָג מיר נאָר, בעני, דו גלויבסט עפּעס אין כאַלוימעס?...

בעני: אין כאַלוימעס?... (איבעראַשט, וויל עפּעס זאָגן, מאַזגאָוואָיער אונטער־ברעכט אים).

מאַזגאָוואָיער: איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, האָב קיינמאָל ניט געגלויבט אין כאַלוימעס. איך האַלט ניט פון די נאַרישקייטן, באַבסקע זאַכן, מעכאַשפים, לייצים, איינאָרעס, גוט־אויגן... באַ מיר איז נאָר דאָס, וואָס איך זע מיטן אויג, אָדער איך טאַפּ אָן מיט דער האַנט. לעמאָשל, ס'איז דאָ שויטים, וואָס האָבן מוירע, אַז מע גייט זיי איבער מיט ליידיקע עמער, אָדער אַז עס לויפט זיי דורך אַ שוואַרצע קאַץ, אָדער עס גייט זיי איבער דעם וועג אַ גאַלעך. איך לאַך מיך אויס פון די פּוסטע מאַיסעס. צען פּאָר ליידיקע עמער, הונדערט שוואַרצע קעץ, טויזנט גאַלאָכים מעגן מיר איבערגיין דעם וועג צען מאָל הין און צוריק — איז בלאָטע! אָט אַזאַ מענטש בין איך!

בעני: וועלל! אַזוי דאַרף טאַקע זיין...

מאָזגאָוואָיער: אַזוי דאַרף עס זיין און אָט אַזוי איז דאָס טאַקע. וואָס־זשע וועסטו זאָגן, מיין טייער שפּילפויגל, דערוף? שוין באַלד איין און צוואנציק יאָר זינט מיין טאַטע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, איז טויט, איז ער נאָך איינמאָל ניט געקומען מיר צו כאָלעם. נאָר פון אַ קורצער צייט, פון זינט עס האָט זיך באַוויזן באַ אונז דער אויצער, נאָך מיט אַ נאַכט פריער, האָט צו מיר מיין טאַטע, אָלאָוו־האַשאָלעם, אָנגעהויבן קומען אַלע נאכט... האָב צייט, איך ווייס וואָס דו ווילסט מיר זאָגן. גלויב מיר, איך פאַרשטיי אַזויפיל, ווי דו, און עפשער נאָך אַביסל מער. עס שטייט באַ אונז אין דער געמאָרע בעפיירעש: „אין חלום בלי דברים בטלים“... דאָס איז אָבער ניט קיין כאָלעם, פאַרשטייסטו מיך. איך זע אים, דעם טאַטן מיינעם, אָט אַזוי, ווי איך זע דיך, און איך הער זיין קאָל, איך דערקען זיין שטימע...

בעני: וואָס־זשע וויל ער פון אייך?

מאָזגאָוואָיער: גאָרניט. וואָס זאָל ער וועלן? וואָס קאָן אַ טויטער וועלן? גלאַט אַזוי, ער שמועסט זיך דורך מיט מיר, ער רעדט מיט מיר, אַזוי ווי איך מיט דיר. פון אַלצדינג רעדט ער מיט מיר, אפילע פון דיר.

בעני: פון מיר?

מאָזגאָוואָיער: פאַרוואָס ניט? ער פרעגט מיך: וואָס טוט דאָ דיין ווייבס פלימעניק?

בעני: וואָס-זשע זאָגט איר אים?

מאָזגאָוואָיער: זאָג איך אים: ער איז געקומען אַהער פון אַמעריקע אַף קייווער־אָוועס.

בעני: וואָס-זשע זאָגט ער?

מאָזגאָוואָיער: זאָגט ער: זייער פיין פון אים. ער האָט טאַקע געהאַט, זאָגט ער, ערלעכע טאַטע־מאַמע.



בעני (קאָם וואס ער האַלט זיך איין): אַזוי טאַקע, מיט די ווערטער?

מאָזגאָוואָיער: וואָס־זשע? איך וועל דיר אויסטראַכטן? די מאָזגאָוואָיערס זיינען ניט קיין ליגנערס; זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען אין אַמעריקע... יענע נאַכט קומט ער צו מיר מיט אַ נייס...

בעני: ווער?

מאָזגאָוואָיער: וואָס הייסט ווער? פון וועמען רעדן מיר?

בעני: פון אייער טאַטן פון יענער וועלט.

מאָזגאָוואָיער: היינט וואָס־זשע פרעגסטו — ווער?... קומט ער צו מיר און מאַכט צו מיר אַזוי: „וואָס טוען די אידן אַלע נאַכט אַפן בייסוילעם?“... זאָג איך: „מיר זוכן דעם אויצער“... מאַכט ער צו מיר: „וואָס־זשע גראָבן זיי עפּעס נעבן אַלטן ראָווס קייווער?“... זאָג איך: „ווייל דאָרט האָט מען געפונען דאָס רענדל“. מאַכט ער צו מיר ווידער: „נאַראָנים! — מיט דעם לאָשן, וואָס איך דערצייל דיר — נאַראָנים! פאַרוואָס זוכן זיי בעסער ניט נעענטער צו מיר?“...

בעני: און ווייטער?

מאָזגאָוואָיער: כאָכעם פון אַמעריקע! וואָס האָסטו געוואָלט זאָל זיין ווייטער? דער טאַטע פון יענער וועלט זאָל מיך נעמען און צופירן גלייך צום אָרט, וואו דער אויצער ליגט? איך בין דאָך ניט די מומע דיינע, וואָס איך זאָל גלויבן אין קישעף... אָ! מע זאָל דערמאנען מאָשיעכן!

(עס קומט אָן באשעווע, אַן איבערגעשראָקענע)

## באַשעווע.

באַשעווע: עפּעס אַ אידענע איז געקומען, איך האָב מוירע אויב ניט אַ מעשוגענע, זי שיט מיט רייד, אַ וואָרט צו אַ וואָרט קלעפּט זיך ניט.

מאָזגאָוואָיער: וואָס־זשע וויל זי פון מיין לעבן?

באַשעווע: זאָל מיך אַזוי וויסן בייז... עפּעס פּלעשטשעט זי: רענדל... אויצער... נאַפּאָלעאָן... פון אַ קליין שטעטל איז זי געקומען אַהער צופוס... געווען אין די קלייטן, האָט מען זי אָפּגעשיקט אַהער צו דיר...

מאָזגאָוואָיער: אַוואַדע לאַקירדע? דאָס אַ שמאַדקאָפּ!... שיק זי אַריין, לאָמיר הערכן, וואָס וויל זי?...

(באשעווע אָפּ)

מאָזגאָוואָיער (צו בענין): אָט אַזוי, ווי דו זעסט, איז טאָג ווי נאַכט. זינט עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער אויצער, קאָכט עס ווי אַ קעסל... שטיגוטערעס, באַלאָנים אָן אַ שיר!... דער קויעך פון גאָלד! (זיפצט) און איך — איין מענטש, דאַרף עס אַלצדינג אויס־

שטיין, אויסהערן יעדנס מעשוגאַס!... דו מיינסט, אַז אַן אויצער איז אַ גרינגע פּאַרנאָסע? אָט אַזוי גיך, מיינסטו, ווערן דאָס אידן געהאָלפן? איך זינדיק ניט, כאַסוועשאָלעם, פאַרן ריבוינע שעל אוילעם. אַזאַ יאָר אַף מיר, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן! ער איז זייער אַ גוטער גאָט, נאָר ער האָט ליב מעדלעווען, ציען: „אַן אויצער, זאָגט ער, גיב איך אייך טאַקע, אידעלעך, נאָר איר וועט זיך פריער, זאָגט ער, באַ מיר אַביסל אָנמוטשען, די אויגן וועלן אייך אַרויסקריכן!...”

(עס קומען אָן פון דער אינעווייניקסטער טיר באַשעווע און עלקע)

## באַשעווע, עלקע.

מאָזגאָוואָיער (צו עלקען): וואָס דאַרפט איר? ווער זענט איר? פון וואַנען קומט איר? ווער האָט אייך אַהער געשיקט?

עלקע (צו באַשעווען): זעט נאָר, אַלצדינג אַף אַ מאָל! (צו מאָזגאָוואָיער) וואָס איך דאַרף—וועט איר מיר ניט געבן. ווער איך בין און פון וואַנען — וועט איר באַלד וויסן, און געשיקט האָבן מיך אַהער די צאָרעס מיינע. איך בין אַליין אַ אידענע אַן אַלמאָנע פון אַ קליין שטעטל, ניט וויט פון דאַנען, גרויס ווי אַ גענעק, און שיין ווי מיינע צאָרעס. הייסן הייס איך עלקע און האַנדלען האַנדל איך מיט קאָפּווייטיק און מיט פאַרעס מאַקעס, אַף די סאָנימס קעפּ, קאַם־קאַם וואָס מע קומט אויס מיטן שטיקל ברויט, אַי דאָס ניט אַלע טאָג, וואָרום פינעף פיקערס דאַרפן קייען, און קאַיען איז ניט העוועל...

מאָזגאָוואָיער (צו באַשעווען): די אידענע רעדט אָן אַ אָפּשטעל, ווי פון אַ טכינע. (צו עלקען) זייט־זשע מויכל, אידענע, זאָגט בעקיצער, וואָס ווילט איר, וואָרום איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, איך האָב קיין־ צייט ניט!

עלקע: בראָש האָבן זיי דאָ אלע קיין צייט ניט, פאַרנומענע מענטשן, שמאיע באַל־פּאַרנאָסעס, און איך בין, הייסט דאָס, די הוילעך־ באָטלניצע, וואָס גיי אַרום שלינג און שלאַנג, פּוסטעביידעקעס...

מאָזגאָוואָיער: איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז בעקיצער, אין צוויי, דריי ווערטער, ריינע דיבורים.

עלקע: צוויי־דריי ווערטער ווילט איר, ריינע דיבורים? גיט מיר אָפּ מיינס, וואָס איך האָב פאַרלאָרן. איך האָב פאַרלאָרן, איר האָט געפונען. איינעמס שלימאַזל, דעם אַנדערנס מאַזל...

מאָזגאָוואָיער (צו בענין): די אידענע רעדט מיט מעשאָלים.

עלקע: ניט מיט מעשאָלים, מיט בלוט רעד איך, וואָרום דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן, דאָס איינציקע שטיקל יערושע, וואָס ס'איז מיר



געבליבן פון מיין מאַן. ער איז געווען אַ גאָלדשמיד, איז ער געווען, און פלעגט אופקויפן גאָלד, פלעגט ער אופקויפן, שמעלצן רענדלעך. האָב איך עס געהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונם אויג, נאָר אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק, דאַרף איך גיין היינטיקן שיוואָסאָר בעטאַמוז אַף קייווער־אָחעס. איך קום אַהער אַלע זומער, איך האָב דאָ געווּג, אַפן אלטן בייסוילעם און אַפן נייעם בייסוילעם. בין איך געגאַנגען פריער אַפן אלטן בייסוילעם, דאָרט ליגן טאַטע־מאַמע, טאַטע־מאַמע זיינען בילכער, און נאָכ־ דעם שוין אַפן נייעם בייסוילעם, צום מאַן, אַ מאַן קאָן וואַרטן, איך האָב, נישקאָשע, אַף אים מער געוואַרט...

מאָזגאָוואָיער: אידענע, אָדער זאָגט וואָס איר דאַרפט, אָדער גייט אייך געזונטערהייט!

עלקע: שאַט, שרייט ניט, איר וועט אופוועקן גאָט...

באַשעווע (זעט ווי מאָזגאָוואָיער ווערט אָנגעצונדן, באַרואיקט אים): וואָס דאַרפסטו זיך אָפּעסן דאָס האַרץ?... (צו עלקען) זאָגט מיר, אידענע, וואָס ווילט איר?

עלקע: מיין רענדל וויל איך, מיין מאַנס רענדל גיט מיר אָפּ, ס'איז מיין גאַנץ פאַרמעגן, ווי אַ שמירע האָב איך עס געהאַלטן, ווי אַן עוון־טאָוו, דער עלטערער טאָכטער צו דער כאַסענע דראָשע־געשאַנק, אַ גאָלדן רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן, האָב איך געטראַכט, גיי וויים, אַז איך וועל זיין אַפן בייסוילעם באַ טאַטע־מאַמע אַף קייווער־אָוועס און וועל עס פאַרלירן...

בעני (צו מאָזגאָוואָיער): איר הערט? אַ רענדל... אַפן אלטן בייסוילעם... אַ נאַפּאָלעאָן...

מאָזגאָוואָיער: נו־יאָ, ס'קלעפּט זיך דען אַ וואָרט צו אַ וואָרט?

עלקע: ס'קלעפּט, ס'קלעפּט זיך זייער גוט, מע זאָל מיך נאָך לאָזן אויסרעדן. (צו בענין) זאָלט איר מיר זיין געזונט, הערט מיך אויס, איך בין אַ אידענע, אַן אַלמאָנע מיט פינעף קינדער יעסוימים...

בעני: אָללרייט! זעצט זיך נאָר אוועק אָט דאָ־אָ און דערציילט אונז רואיק און אין קורצן, וואָס איז אייער באַגער. (רוקט איר צו אַ שטול) זיצט.

עלקע: אַ דאַנק. איך קאָן באַשטיין. (זעצט זיך אוועק אַף אַן עק שטול) לאַנג לעבן זאָלט איר, וואָס איר לאָזט זיך רעדן. נעבעך איך בין אַזוי אומגליקלעך, וויל מיך קיינער ניט אויסהערן ביזן סאָף, אַז דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס מיין מאַן האָט מיר געלאָזט, ער איז געווען אַ גאָלדשמיד און אַ טשעכאָטניק, פלעגט שמעלצן רענדלעך...

בעני: וועלל! דאָס האָבן מיר שוין געהערט. איר גייט איבער צו דער זאַך, גלייך צו דער זאַך...

עלקע: גלייך צו דער זאַך. האָב איך מיך אַראָפּגעכאַפּט אַהער אַף קיִווער־אָוועס, דאָס איינציקע שטיקל פאַרגעניגן, משטיינס־געזאָגט, זיך אויסוויינען אַף די הייליקע קוואָרים, פריער אַפן אַלטן בייסוילעם, טאַטע־מאַמע זיינען בילכער, זיך גוט אויסגעוויינט, לאָזן זיי וויסן, אַף וואָס זייער טאָכטער איז איבערגעקומען, און געבעטן דעם כאַזן, ער זאָל מאַכן אַ מאָלע, און באַצאָלן דעם כאַזן דאַרף מען, ער האָט אויך אַ ווייב און קינדער. גיי איך און נעם ארויס דאָס קניפּל. וואו האַלט אַ אידענע אַ קניפּל? אין זאָק. (בייגט זיך אָן, באווייזט איר זאָק) אין קניפּל איז געלעגן פון קאָל־טווו: אַ ביסל קליינגעלט, אַ פּאָר פּאַפּירענע אַלטע סיגנאַציעס און אַ רענדל אַ גאָלדנס, אַ נאַפּאָלעאָן, מיין מאַנס רענדל, דאָס איינציקע שטיקל יערושע...

בעני: אָנקל! איר הערט?...

מאָזגאָוואָיער (קוקט אַף עלקען): איך הער שוין אַקוראַט!

בעני (צו עלקען): אָללרייט! וואָס־זשע איז געווען?

עלקע: וואָס איז געווען? אַז אָך און וויי איז צו מיין קאָפּ, איך האָב עס, אַפּאָנים, אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד, טאַקע דאָרטן אַפן אלטן בייסוילעם, וואָרום אַז איך האָב זיך געכאַפּט אַפן נייעם בייסוילעם, דאָרט ליגט מיין מאַן, איז שוין ניט געווען קיין סימען פון קיין רענדל.

בעני: אָנקל! איר הערט כאָטש מיט קאָפּ?

מאָזגאָוואָיער: אויב איך הער מיט קאָפּ? איך הער שוין. צי הערסטו?

בעני (צו עלקען): נו, ווייטער, ווייטער.

עלקע: וואָס ווייטער איז ערגער. בין איך געקומען אהיים וויסט און פינצטער, אויסגעלאָזט מיין ביטער האַרץ צו די מאַמזיירים, נעבעך זיי בעטן עסן. עסן, זאָג איך, זאָלן אייך ווערים, מיינע סאָנים! דערווייל הער איך, אַז דאָ בא אייך אין שטאָט קאָכט זיך—אַן אויצער האָט זיך, זאָגט מען, באַוויזן. וואו? אַפן אַלטן בייסוילעם. עפּעס אַ אינגל, זאָגט מען, אַ כושים האָט געפונען אַ רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן... דערהערט אַ רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן — וויי איז מיר! ס'איז דאָך מיין רענדל, דאָס הייסט, מיין מאַנס רענדל! מע דאַרף לויפן, מע דאַרף פליען! אַף וואָס זאָל איך פליען? רייטנדיק אַף אַ בעזים? בין איך געקומען אָט דאָס צופוס...

בעני (אויסער זיך פון דער מאַיסע): אָנקל! זאָל מיין נאָמען ניט הייסן בעני, אויב...

מאָזגאָוואָיער (אונטערברעכט אים): ששאַ! אָט וועלן מיר באַלד עפּעס הערן (לייגט צונויף די הענט אפן האַרצן, ווענדט זיך צו עלקען) זאָגט נאָר, אידענע, וואָס איך וועל אייך פרעגן, נאָר איר זאָלט מיר קוקן גלייך אין די אויגן אריין.



עלקע (קוקט אים גלייך אין די אויגן אריין): איך האָב בא אייך עפּעס געגאַנוועט, וואָס איר הייסט מיר קוקן אין די אויגן אַריין?

מאָזגאָוואָיער: די קונצן ווייסן מיר! איך בין אויך אַ מייוון אַף אַ טשאַד. איר פאַרעדט מיר נאָר ניט די ציין און זאָגט מיר ריינע דיבורים: פונם אלטן בייסוילעם, זאָגט איר, זיינט איר אוועקגעגאַנגען אַפן נייעם בייסוילעם, צו אייער מאַן. אַזוי, דאַכט זיך, האָט איר געזאָגט? נו, האָט איר אַף אייער מאַנס קייווער גאָרניט געוויינט? ניין? אַפילע קיין טרער ניט געלאָזט?

עלקע: וואָס הייסט איך האָב ניט געוויינט? וואָס בין איך? אַ שטיין? אַ ביין? צי ער איז כאָלילע ניט קיין טאַטע צו מיינע קינדער?...

מאָזגאָוואָיער (נעמט זיך באם באָרד, פאַרמאַכט די אויגן): שטייט־זשע נאָר. נו? און אַ מאָלע האָט איר אייער מאַן ניט געמאַכט? ניין? אַ מאַן דאַרף מען ניט מאַכן קיין מאָלע?

עלקע (צו באַשעווען און צו בענין): זעט נאָר, ווי דער איד האָט מיך גענומען צום סמיק, טאַקע נאָר עפּעס ווי אַ סודעבנע פריסטאַוו, לעהאַוודל!...

מאָזגאָוואָיער (צו באַשעווען און צו בענין): נו? היינט פאַרשטייט איר שוין, וואָס דאָס איז פאר אַ פויגל? פריער האָב איך אויך געמיינט, אַז ס'איז אַ מעשוגענע. איצט זע איך שוין, וואָס דאָס איז! דאָס איז אן אָנשטעל, אַ מאַניפּאָרגע, אן אַפּערע פון עמעצנס אַ קעפּעלע אַף צו טשעפּען זיך צום אויצער!... (צו עלקען) זאָגט נאָר, זיינט איר ניט געווען פריער בא לאַקירדען? דאָס האָט אייך לאַקירדע אַהער געשיקט? אַיאָ?

עלקע: זאָל איך אַזוי וויסן פון מיין דאַלעס, ריבוינע שעל אוילעם, און איר זאָלט אזוי וויסן פון אייער נאר, ווי איך ווייס פון אַ לאַקירדע צו זאָגן!

מאָזגאָוואָיער (ארויס פון די קיילים): אַזוי? נעבעך! איר קענט גאָר ניט לאַקירדען? אָט וועל איך אייך טאַקע באַלד גלויבן אף נעמאָנעס! קומט, קומט מיט מיר צו לאַקירדען! (שלעפּט עלקען צו דער טיר. באשעווע וויל אים אָפּהאַלטן).

באַשעווע: לייווי! גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסטו זיך אָנגעכאַפּט אין לאַקירדען?

מאָזגאָוואָיער (שטופּט אָפּ באשעוועו מיט איין האנט, מיט דער אנדערער שלעפּט ער עלקען צו דער טיר): איך ווייס שוין פון וועמען דאָס וואַקסט! מאַמזיירים! זשוליקעס! אַפּעריסטן! סאָנים! ס'וועט אַ רועך זיי אין טאַטנס טאַטן אריין!...

עלקע: אַלע בייזע וויסטע כאַלוימעס! נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג!

(לייווי מאָזגאָוואָיער, עלקע אָפּ)

בעני (כאַפּט זיך בא די זייטן, פּלאַצט שיר פאר געלעכטער): כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!...

באַשעווע (ברעכט די הענט): דו לאַכסט?

בעני (לאַכט נאָך שטאַרקער): וואָס רעדט איר, מומע? כאַ־כאַ־כאַ! טויטע אין די קוואָרים דאַרפן זיך קאַטשען פאר געלעכטער!... כאַ־כאַ־כאַ... גאַנצע בייסוילעמס דאַרפן אופשטיין און אויסגיין לאַכנדיק, כאַ־כאַ־כאַ!...

באַשעווע: וויינען דאַרף מען, בעני, וויינען, ניט לאַכן! וויינען אף דעם אומגליק, וואָס האָט אונז געשען מיט אָט דעם אויצער, פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן!... בעסער וואָלט זיך אידלס קאַדיש אויסגעבראָכן אַ פוס, איידער ער האָט געפונען דאָס רענדל, וואָלט איך צו מיין אומגליק ניט געקומען! זעסט דען ניט, אַז דאָס האָט זיך גענומען אַן אומגליק, אַ גאָטס שטראָף אף מיין מאַן? (וויינט).

בעני: וועלל! איר זיינט גערעכט. דער אויצער — דאָס איז אן אומגליק, אַ קריינק, אן איינבילדונג פאר אַ גאַנצער שטאָט מיט מענטשן. מ'דאַרף זיי היילן, קורירן, אויסקורירן. און לאָז מיין נאָמען ניט הייסן בעני, אויב איך וועל זיי ניט אויסקורירן! (טראַכט) איך האָב צו זיי אַ מיטל!... איך האָב אַ פלאַן, אַ וואונדערפאָלן פלאַן!... (פויזע) ס'וועט זיין אָללרייט!... אָלל־רייט!!...

(פון דער דרויסן - טיר באווייזט זיך האָלאָוועשקעס קאָפּ. באשעווע ווערט פארשוואונדן)

(באשעווע אָפּ)

(האָלאָוועשקע שטייט אַ רעגע בא דער טיר, נעמט זיך אפּן סאָלדאטישן שטייגער אונטערן קאָזעראָק, פארנייגט זיך צו בענין. בעני גייט אים אנקעגן).

## האָלאָוועשקע.

האָלאָוועשקע: זדראַוויאַ זשעלאיעם! ניטאָ דער דיאדינקע? איך וואָלט אים געוואָלט זען. דיעלאָ ליטשנאָיע!...

בעני (גיט אים די האַנט): העללאָ! דאָס זיינט איר דער היגער פּאָליסמען האָלאָוועשקע? ס'פרייט מיך זייער די באקאַנטשאפט. דער אָנקל האָט מיט מיר גערעדט פון אייך זייער פיל, שטאַרק געלויבט!

האָלאָוועשקע: וואָט קאַק?

בעני: יעס! ער האָט מיר געזאָגט אף אייך, אז איר זיינט אָללרייט. (בעט אים זיצן) איר סמוקט? (גיט אים אַ ציגאַר, טראָגט אים אונטער פייער).

האָלאָוועשקע: פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו. (פארויכערט די ציגאַר, ציט מיט דער נאָז) אַ גוטער ציגאַר! די בלאגאָוואָניע פון איר איז זאמיעטשאַטעלנאָ! וואָס קאָסט אין אַמעריקע אַזאַ ציגאַר?

בעני (ווייזט אים מיטן פינגער): איינס.

האָלאָוועשקע: וויפל הייסט עס?

בעני: אַ דאָלער.



האָלאָוועשקע: וויפל מאַכט עס נאַ נאַשי ראָסייסקי דעניעזשקי? מער ווי צוויי קאָפּיקעס זילבער?

בעני: איר קערט מיינען צוויי רובל?

האָלאָוועשקע: האַ? צוויי קאַרבן? דיעלאָ נעסליכאַנאָיע!

בעני: וועלל! דאָס הייסט בא אייך טייער? בא אונז אין אַמעריקע סמוקט מען ציגאַרן צו פייף דאָלער און צו צען דאָלער...

האָלאָוועשקע (קאָן ניט איינזיצן): סעריאָזנאָ?

בעני: אָ יעס! פאַראַן אַזעלכע, וואָס סמוקן צו פופציק דאָלער אויך!

האָלאָוועשקע (אויסער זיך): המ... דיעלאָ ראסטאָטשיטעלנאָיע!... (פויזע) זאָגט נאָר, איר זיינט דאָך אַ פריעזשאיושטשי, אן אוירעך, הייסט עס...

בעני: אָללרייט. וואָס־זשע ווילט איר?

האָלאָוועשקע: איר האָט זיך נאָך ניט זאַיאַוועט? איר דאַרפט זיך זאַיאַווען... נעפּרעמענאָ זאַיאַווען...

בעני: וואָס דאַרף איך?

האָלאָוועשקע: זאַיאַוען, מעלדן זיך אין פּאָליציי... האָט איר אַ פּאַספּאָרט?... טשאָרנע נאַ ביעלאָ?...

בעני (צעלייגט זיך ברייט אין שטול, די גראָבע פינגער פון ביידע הענט אונטערן זשילעט, די פיס אפּן טיש): וואָס גייט אייך אָן, צי איך האָב אַ פּאַס, צי ניין?

האָלאָוועשקע: וואָט טאָבי נאַ! (ווייזט אים אף זיין אוניפאָרם) איך בין דאָך פּאָליציע!...

בעני: אַי דאָן קער... איך קער ניט פאר דעם... איר זייט אייך פּאָליציע, אַי עס אן אמעריקען סיטיזען... איר פאַרשטייט ניט, וואָס דאָס באַטייט? דאָס באַטייט, אַז איך בין אן אַמעריקאַנער בירגער...

האָלאָוועשקע: דיעלאָ פּאָ דיעלאַם אַ סוד פּאָ פּאָרמיע. זיינט איר געקומען אַהער צו אונז — דאַרפט איר זיך פּאָדטשיניאַיען אלע אונזערע ראסייסקע זאַקאָנעס נאַ אָסנאָוואַני פּרעדפּיסאניאַ צירקוליאַרא יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואַ גאָספּאָדינאַ גובערנאטאָראַ...

בעני (ציט אויס אַ לאנגן פייף): פי־יו־איט!...

האָלאָוועשקע (באַליידיקט): איר סווישטשעט? איר ווייסט כאָטש, אַז פאר דעם פייף קאָן איך אייך אַרויסשיקן פונדאַנען אווו דוואַדצאַט טשעטירע טשאַסאַ?

בעני: אָללרייט! גיב איך אַ דעפּעש צו מיין קאָנסול פון די יונייטעד סטייטס אָף אַמעריקע, דאָס ווייסט איר?

האָלאָוועשקע: אף אייער קאָנסול נאַפּלעוואַט! דאָ איז האָלאָוועשקע קאָנסול און גובערנאַטאָר און גאָראָדאָוואָי און אַלצדינג, טשאָרט מעניאַ וואָזמי!...

בעני (ציט אויס נאָך א לייגערן פייף): פי־יו־איט!!...

**האָלאָוועשקע** (שפרינגט אוף): טשטאָ זאַ סווינסטוואָ? וואָס בין איך עפּעס אַ מאַלטשיקל, וואָס איר סווישטשעט? (כאַפּט זיך בא דער סאַבליע) איך בין אַ מענטש מיט אַ טשין! איך דין צו קאַזנאַ! דיעלאָ קאַזיאָנאָיע!...

**בעני**: וועלל! איר קאָכט זיך אומזיסט. איר זאָלט וויסן דאָס, וואָס איך וויס אף אייך, וואָלט איר מיט מיר אַנדערש גערעדט...

**האָלאָוועשקע**: איר אף מיר? דיעלאָ זאַגאַדאָטשנאָיע!

**בעני** (שטייט אוף, לייגט ארוף די האַנט אף האָלאָוועשקען): מיסטער האָלאָוועשקע! איר זיינט אָללרייט!

**האָלאָוועשקע**: ווטשאָם דיעלאָ? איך פארשטיי אייך ניט.

**בעני**: מיין קוזינע, די טאָכטער פון מיין אָנקל, עסטער, איז אייערע. איך האָב אייך פיל־פיל מיטגעהאָלפן.

**האָלאָוועשקע** (איבעראשט): איר — מיר? דיעלאָ פּאָדאָזריטיעלנאָיע!

**בעני**: סידאַן! זעצט זיך נאָר אוועק, וועל איך אייך עפּעס דערציילן. (זעצן זיךביידע אוועק. האָלאָוועשקע קוקט אף אים מיט פארדאכט) איך וויס אַלצדינג, מער, ווי איר קאָנט זיך דיינקען. מיין קוזינע גלייכט ניט איר כאָסן, דעם כאַלפן. ס'גייט צווישן אונז אָן אַ פייט: דער אָנקל און די טאַנטע ווילן, זי זאָל הייראַטן דעם כאַלפן, און מיין קוזינע און איך ווילן ניט. מיין קוזינע איז געוואָר געוואָרן, אַז איר גלייכט זי און אַז אירווילט צוליב איר ווערן צוריק אַ איד, זאָגט זי, אַז זי וויל ניט דעם כאַלפן, זי וויל אייך.

**האָלאָוועשקע** (מאַכט צורעכט דעם קאָלנער, די אויגן לייכטן): הם... פון וואָסער איסטאָטשניק ווייסט איר דאָס?

**בעני**: פון איר אליין. איר דאַרפט וויסן, סער, אַז מיר זיינען מיט איר זייער באַפריינדעט. מיין קוזינע איז בא מיר זייער טייער. איך בין אינגאַנצן אף איר זייט. ווען איך זאָל זיין א סינגעלמען און ניט האָבן קיין פרוי, וואָלט איך זי אליין געהייראַטעט.

**האָלאָוועשקע** (שטאַרק דערפרייט): איר זיינט אַ זשענאַטער? איר האָט אַ ווייב?

**בעני**: מיט צוויי טשילדערן, אין אַמעריקע.

**האָלאָוועשקע**: ניעאַוזשעלי? און איך האָב אייך געהאַלטן פאר אַ כאָלאָסטאָי... דיעלאָ סימפּאַטיטשנאָיע!... (רוקט זיך צו צו בענין) איר זעט אויס אזוי יונג, פּראָסטאָ טשודאָ! זאָגט־זשע מיר, דושעטשקאַ, וואָס האָט זי אייך געזאָגט וועגן מיר?... מיט מיר קענט איר זיין אָטקראָווענאָ.

**בעני** (ציט אים אויס די האַנט): גיוו מי יור הענד!

**האָלאָוועשקע** (גיט אים די האַנט): ווטשאָם דיעלאָ?



**בעני**: אייער ערן־וואָרט, אז איר גייט מיט מיר האַנט בא האַנט, אין אין דריי טעג אַרום עסטער אייערע.

**האָלאָוועשקע**: מאַמאָטשקאַ! גאָלובטשיק! (גיט אים ביידע הענט) איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן! דאָ גראָבאָוואָי דאָסקי!...

**בעני**: אָללרייט! דעריקער, איר זאָלט מיך פאָלגן און טון אלץ, וואָס איך וועל אייך זאָגן.

**האָלאָוועשקע**: נאַפּרימער?

**בעני** (שטייט אוף, האַלט די הענט ארונטער, רעדט ווי צו זיך אליין): איך האָב אַ פּלאַן, אַ גוטן פּלאַן... מע דארף אים גוט באַקלערן... מע דארף מאַכן אַזוי, אַז דער כאַלפן זאָל זיך אליין אָפּוואַרפן פון דעם שידעך... ניין, מע דאַרף זען, אַז דער אָנקל זאָל פריער אָפּשיקן די טנאָים צום כאַלפן, און דער כאַלפן זאָל אָפּשיקן די טנאָים צום אָנקל — זיי זאָלן זיך איינס דאָס אַנדערע אָפּגעטן...

**האָלאָוועשקע**: בראַוואָ!

**בעני**: האָט צייט, נאָך ניט אינגאנצן... דעם כאַלפן דאַרף מען כאַסענע מאַכן... (טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן) אָללרייט! איך האָב פאר אים אַ קאַלע — וואונדערפאָל! (דערלאנגט האָלאָוועשקען אַ געשמאַקן זעץ אין פּלייצע) אוי, האָב איך פאר אים אַ קאַלע!!!... (לויפט ארום און לאַכט, כאַפּט אַ קוק אין פענצטער). אָן גייט אַהער דער אָנקל. (גייט-צו צו האָ־לאָוועשקען) איר גייט ארויס צום אָנקל, רעדט מיט אים אָפּ, וואָס איר דאַרפט, און איך וועל מיך דערווייל דאָ איבערטון און וועל ארויסקומען צו אייך אין דרויסן, וועלן מיר מאַכן ביידע אַ שפּאַציר, און דאָרט וועלן מיר שוין אויסאַרבעטן אונזער פּלאַן פון אלע זייטן... יו ענדערסטענד? (גיט אים די האַנט).

**האָלאָוועשקע** (טרייסלט אים די האַנט): איך האָב פון דער ערשטער מינוט ארויסגעזען, אַז איר זיינט אַ מאָלאָדטשינאַ!... איך וועל אָפּרעדן מיט אייער דיאַדינקע אַ פּאָר ווערטער און וועל אייך אָפּוואַרטן אפן אוגאָל פון דער צווייטער גאַס... דאָ פּריאַטנאָוואָ סווידאַניאַ!

(האָלאָוועשקע אָפּ)

**בעני** (וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס מאָרגנרעקל, טוט זיך איבער געשווינד, פייפט אויס בעאייס-מאַיסע אַן אַמעריקאַנער לידל „יענקי דודל"... טוט אָן אַ קאַפּעלירשל אַפן שפּיץ קאָפּ, נעמט דאָס שטעקעלע, קלאַפּט אָן אין דער אינעווייניקסטער טיר, הויך): מומע! עסטער!! (ס'קומען צו לויפן פריער באַשעווע, נאָכדעם עסטער).

## באַשעווע, עסטער.

**באַשעווע**: מיך רופסטו?

**עסטער**: האָסט מיך גערופן?

בעני: יעס! איך האָב אייך גערופן... איך וויל אייך זאָגן, אז איך בין אָללריים! אַז איר זיינט אָללרייט! מיר זיינען אַלע אָללרייט!

באַשעווע (צו דער טאָכטער): וואָס זאָגט ער?

עסטער (צו דער מוטער): וואָס מיינט ער?

בעני: וועלל! איר זאָלט מיך ניט פרעגן! איר זאָלט קוקן און שווייגן... טאָמער ווער איך פאַרשוואונדן פארנאַכט אַף עטלעכע שאָ—זאָלט איר ניט פרעגן, וואו איך בין... דער אָנקל דאַרף ניט וויסן, אַז איך בין ניטאָ... יו ענדערסטענד? נאָך אַ טאָג, נאָך צוויי—און דער אויצער איז מיינער! מיינער! מיינער!... (כאַפּט ארום פריער עסטערן, דערנאָך באַשעווען, קושט זיי).

באַשעווע (א פליעסק מיט די הענט, צו דער טאָכטער אף א קאָל): אידן! ער איז גערירט! אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי ער איז גערירט! ער איז פונם זינען!... די גאַנצע וועלט איז אראָפּ פון זינען!...

(בעני לאַכט פריילעך, לויפט צו דער טיר, שיקט פונדערווייטן עסטערן א קוש).

(פ אָ ר ה א נ ג)

# פערטער אַקט.

## ערשטעס בילד.

(דאָס אַלטע בייסאַלמען. — גאַנץ אַלטע מאַציייועס.—אייניקע שטייען אָנגעבויגן, אייניקע זיינען אינגאַנצן איינגעפאַלן.—א פּאָר אַלטע שטיבלעך מיט ווייסן געקאַלכט.—דאָס פעלד איז מיט גרינס באַוואקסן.—געשיצט פון איין זייט מיט א באַרג, פון דער אַנדערער זייט — ניט קיין הויכער פּאַרקאַן.—ס'איז פאַרנאַכטלעך.—אויסגעלאָשן דער לעצטער שטראַל פון דער פאַרגייענדער זון. — פון די ווייטע ביימער הערט זיך א געזאַנג פונם בייסוילעם-סאָלאָוויי.—ס'הערשט א פייערלעכע שטילקייט, א שטילע מאָרעשכוירע.—אַפן פּאַרקאַן באַווייזט זיך האָלאָוועשקעס קאָפּ, דערנאָך האָלאָוועשקע אינגאַנצן. עמעצער שטופּט אים אונטער).

## האָלאָוועשקע.

(אָנגעטון אין א רעגנמאַנטל מיט א קאָלפּעק אַפן פּאָליצייסקי היטל)

האָלאָוועשקע (שטיל): אָסטאָראָזשנאָ! פּאַוואָלינקע! איך קאָן מיך נאָך פאַרטשעפּען און כאָלילע אויסברעכן א פוס... דיעלאָ ריסקאָוואַנאָיע!... (איידער האָלאָוועשקע שפּרינגט אראָפּ, וואַקסט אויס נאָך אים בעני בען, אויך אין א רעגנמאַנטל).

## בעני בען.

בעני (שפּרינגט אַריבער פון דער זייט פּלויט, ציט אויס ביידע הענט צו האָלאָוועשקען): העלאָ! גיכער! זיי קאָנען באַלד אָנקומען און פּאַקן אונז אַ־דאָ—דאַן איז פאַרפאַלן די גאַנצע שפּיל. (נעמט האָלאָוועשקען אף די הענט) אָט אַזוי, אָללרייט! (גייען ביידע פאָרזיכטיק באַם פּלויט צו דער סצענע-צו איינגעבויגן, מיט שטילע טריט, שטעלן זיך אָפּ, גלייכן זיך אויס, רעדן שטיל, האַלטן קליינע לאַמטערנס אין די הענט).

בעני: געדיינקט־זשע, מיסטער האָלאָוועשקע, וואָס איר האָט צו טון... זעט איר? (ווייזט אים מיט דער האַנט אף איינעם פון די ווייסע שטיבלעך). איר דאַרפט זיך אַוועקלייגן אָט־אַ דאָרטן אונטער יענעם שטיבל. דאָרט ליגט באַהאַלטן דער אַלטער ראָוו... דאָרטן זוכן זיי דעם אויצער... יו ענדערסטענד?

האָלאָוועשקע: איך פאַרשטיי... דיעלאָ פּאָניאַטנאָיע!

בעני: שטיל דאַרפט איר ליגן, זיך קיין ריר ניט טון, אויסוואַרטן די מינוט, ווען דער כאַלפן וועט בלייבן אַליין, זאָלט איר אים אָנרופן באַם נאָמען און זאָגן אים דאָס, וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט. געדיינקט איר די ווערטער עקזעקטלי?

האָלאָוועשקע: א קאַק זשע? איך האָב זיי אויסגעלערנט אף אויסוויינעק, אַזוי ווי „אָטשע נאַש"... איך קאָן אייך זיי איבערכאַזערן אויב איר ווילט, דיעלאָ מינוטנאָיע!...

בעני: אָללרייט! דעריקער, די שטימע, דאָס קאָל! עס דאַרף זיך דאכטן, ווי עס גייט אַרויס פון דער ערד. יו ענדערסטענד?... אָללרייט! און איך גיי אַהין, דאָרט וואו מיין אָנקל דרייט זיך ארום שוין פון א פּאָר נעכט... איך וועל אים שוין צורעכט מאַכן אַזוי, אַז ער זאָל שלאָגן מיטן כאַלפן קאַפּאָרעס און אָפּגעבן די טאָכטער צו אייך. גוד באַי! (ציט אויס האָלאָוועשקען די האַנט).

האָלאָוועשקע (קווינקלט זיך): ווי מיינט איר, מעזשדו פּראָטשים? עס קאָן זיך ניט טרעפן מיט מיר עפּעס א ניעסטשאַסטני סלוטשאַי? איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען באנאַכט אף א קלאַדבישטשע...

בעני (קלוימערשט קאַלטבלוטיק): וועלל! אַז איר זיינט אזא העלד, וואָס האָט מוירע פאר אַ־טויטן...

האָלאָוועשקע: וואָט טיביע זדראַוסטוואוי! (נעמט א העלדישן טאָן) דאָס ווייסט איר, אַז איך בין געווען פּאָד סעוואַסטאָפּאָלעם? איך האָב א נאַגראַדע פונם קייסער... איך... (עס זעען זיך פונדערווייטן פייערלעך, פריער איינס, דערנאָך נאָך איינס, נאָכדעם אַסאַך).

בעני: דער אוילעם גייט זוכן דעם אוצער... לאָמיר זיך באהאַלטן... (צעגייען זיך דער אהער, דער אַהין, ווערן פאַרשוואונדן).

(בעני, האָלאָוועשקע אָפּ).

(פאָרלעכוויס קומען זיך צונויף אידן מיט לאַמטערנעס אין די הענט, אלע מאַנספערזאָנען פון דער קאָמעדיע.—די לעוואָנע, העכער האַלב אין די וואָלקנס, באַגיסט מיט א העל-זילבערנער שיין דאָס גאַנצע פעלד און די מאָרעשכווירעדיקע פּענימער פון די פיגורן. — זיי גייען האַרט באַ דער ערד.— באַזונדער גייט אידל טאָרבע, פירט איציקן פאר א האַנט.—די פיגורן באַוועגן זיך לאַנגזאַם, רעדן צווישן זיך שטילערהייט).

## מאָזגאָוואָיער, באָרד, לאַקירדע, דערבאַרמיקער, אידל, איציק.

ערשטע פיגור: הערט איר, אידן, עס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אז מיר וועלן שוין אַזויפיל ניט זוכן, ווי מיר האָבן געזוכט... נאָענט איז די יעשועה (זיפצט).

צווייטע פיגור: די יעשועה איז נאָענט.



דריטע פיגור: האַלעוואַי, ריבוינע שעל אוילעם! שוין צייט...

פערטע פיגור: שוין לאַנג צייט. נאָר וואָס קומט ארויס?

פינפטע פיגור (זיפצט): אוי, ריבוינע שעל אוילעם! ריבוינע שעל אוילעם!,..

(פויזע).

ערשטע פיגור: ווייסט איר, ווען איך בין מעקאַנע? די טויטע.

צווייטע פיגור: די טויטע.

דריטע פיגור: זיי ליגן זיך רואיק... זיי זיינען שוין זייערס אָפּגעקומען...

פערטע פיגור: דאַרפן ניט ארויסקוקן אף ניסים, אַף אויצרעס...

פינפטע פיגור: אוי, גאָטעניו! גאָטעניו! (וויינט שטיל, פאַרשטיקט).

(פויזע)

ערשטע פיגור: אידן, זעט איר ניט דאָרט א פייערל בלישטשען?

צווייטע פיגור: עס בלישטשעט א פייערל...

דריטע פיגור: מיר דאַכט אויך, אז א פייערל... עפשער איז דאָס דער אויצער...

פערטע פיגור: עס כאָלעמען זיך אייך פייערלעך... ס'איז טאַקע פון אונזערע אייגענע לאַמטערנעס...

פינפטע פיגור: אוי, טאַטע, פאָטער!... (כליפּעט).

(פויזע)

ערשטע פיגור: אָט אַזוי איז טאָמיד די טעווע פון אן אויצער: אָט באַווייזט ער זיך, און אָט ווערט ער פאַרשוואונדן.

צווייטע פיגור: פאַרשוואונדן...

דריטע פיגור: מיסטאָמע זיינען מיר ניט זויכע באַם אייבערשטן... אָדער עפשער האָבן מיר זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט...

פערטע פיגור: ווּעמען ליגט אין קאָפּ זינדיקן, משטיינס־געזאָגט?...

פינפטע פיגור: זיסער גאָט!.. (זיפצט)

(פויזע)

ערשטע פיגור: און עפשער איז דאָס דערפאַר, וואָס מיר טרעטן אַף די הייליקע קוואָרים? ווי מיינט איר, אידן? דאָ ליגן סאַמע קדוישים, נאָך פון כמעלניצקיס צייטן...

צווייטע פיגור: פון כמעלניצקיס צייטן...

דריטע פיגור: און גלאַט גדוילים... די צוועלף צאַדיקים...

פערטע פיגור: און דער ראָוו א דרייצנטער...

פינפטע פיגור: האַרציקער געטרייער!...

(דאָס פייערל, וואָס האָט זיך געזען פונווייטן, ווערט אַלעמאָל נעענטער.— עס קומט אָן פון שטאָט דער ראָוו מיט א לאַמטערן אין האַנט.—דער גאַנצער אוילעם רינגלט אים אָרום).

## ראָוו.

**ראָוו:** א גוטן אָוונט אייך, קינדער! דער, וואָס לעבט אייביק, זאָל אייך זיין צו הילף.

**מאָזגאָוואָיער** (גייט צו צום ראָוו): בענטשט אונז, רעבע, מיר זאָלן היינט מער מאַצליעך זיין, ווי אַלע נאַכט. מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז ס'איז געקומען די רעכטע צייט...

**ראָוו:** די רעכטע צייט, מיין קינד, קאָן קומען נאָר דעמאָלט, ווען ע ר וועט ווען... דעריקער, קינדערלעך, אז אייער קאַוואָנע זאָל זיין ניט נאָר צוליבן גאָלד אַליין... גאָלד איז אין אַלע דוירעס געווען און וועט זיין אן אַוואוידע זאָרע... געקומען בין איך אַהער, כאָלילע, ניט זאָגן מוסער, נאָר פאַרהיטן אייך פון מאַכלויקעס, עס זאָל, כאָלילע, ניט אַרויסשפרינגען בא אייך אַ קריגעניש אין דער מינוט, ווען עס וועט, אימירצעשעם, ניסגאַלע ווערן די יעשוע... מאַכלויקעס איז אין די זאַכן אַ סאַמאַמאָוועס... זייט ניט כוישעד איינס דאָס אַנדערע, און ניט פאַרלירט דעם בי־טאָכן... גיט אַכטונג אַף די אַלטע קוואָרים און מאַציייוועס, שטערט ניט זייער רו... מאַכט ניט הערן אייערע קוילעס צו הויך, וואָרום אַ ווינט קאָן זיי פאַרטראָגן אַהין אין שטאָט אריין און עס קאָן אייך, כאָלילע, שאַטן... איך גיי אהיים באַרואיקן די איבעריקע אידן, זיי קוקן שוין נעבעך אַרויס אף א גוטער בסורע, האַלעוואַי איך זאָל זוכע זיין צו זיין דער שאָליעך—זיי די בסורע אָנצו־זאָגן. אַ גוטע נאַכט. א גוטע נאַכט.

(לאָזט זיך גיין, דער אוילעם לייכט אים צו).

**אַ קאָל פון אוילעם:** לאָז עמעצער גיין דורכפירן דעם רעבן אַהיים...

**ראָוו:** קינד וואָס דו ביסט! אַ מענטש א מענטשן קאָן ניט פירן... ס'איז דאָ ווער ס'זאָל פירן... ע ר וועט מיך פירן...

(ראָוו אָפּ)

**ערשטע פיגור:** ס'אַראַ ראָוו מיר האָבן!

**צווייטע פיגור:** מיר האָבן דאָס א ראָוו!

**דריטע פיגור:** אן אויצער, ניט קיין ראָוו!

**פערטע פיגור:** דערווייַלע האָבן מיר א ראָוו, און קיין אויצער ניט... קיין אויצער נאָך אַלץ ניט...

**פינפטע פיגור:** אוי, ריבוינע שעל אוילעם, טאַטע־פאָטער, זיסער גאָט, האַרציקער, געטרייער!...

**ערשטע פיגור:** דעם ריבוינע שעל אוילעם לאָזט צורו. גייט בעסער אַהין, וואו מע גראָבט דעם אויצער...

**צווייטע פיגור:** וואו מע גראָבט דעם אויצער...



(איינס נאָך דאָס אַנדערע לאָזן זיך די פיגורן אונטערן באַרג, לאַנגזאַם ווערן זיי פאַרשוואונדן. אַמן פלאַץ בלייבט איבער נאָר די ערשטע פיגור—לייווי מאָזגאָוואָיער)

**מאָזגאָוואָיער** (צו זיך אליין): מע דאַרף זוכן נאָכאמאָל אָט־אָ דאָרט בא מיין טאַטנס קייווער... (נעמט זיך רעכטס) טאָמער וועט זיך באַ־ווייזן עפּעס אַ סליאַד... (בייגט זיך צו דער ערד מיט א לאמטערן, זוכט אין גראָז) שיין וואָלט געווען, ווען דער אויצער פאַלט אריין צו מיר אין די הענט, ניט צו אידלען... (פויזע) איך וואָלט זיך ניט אַזוי באַגאַנגען מיט די אידן, ווי אָט דער כאַלפן... ניט געצאַפּט פון זיי דאָס בלוט, ווי ער צאַפּט פון אונז אלע טאָג עמערווייס... (זיפצט) איך זאָג דיר צו, אוי, ריבוינע שעל אוילעם, באַווייז דיין נעס... (ער גלייכט זיך אויס, הערט זיך צו) ווער רופט מיך?... אָדער עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן?... (וויל זיך אָנבייגן זוכן, דערהערט אַ מאָדנע שטימע, ווי פון אונטער דער ערד, בלייבט שטיין האַלב אָנגעבויגן. הערט זיך צו)

**די שטימע** (מיט א געזאַנג): לייווי! לייווי!...

**מאָזגאָוואָיער** (גלייכט זיך אויס, שטעלט אוף די אויערן).

**די שטימע:** לייווי! לייווי!

**מאָזגאָוואָיער** (טרעט אָפּ צוריק, ציטערט).

**די שטימע:** לייווי, מיין זון! קום צו נעענטער, האָב קיין מוירע ניט...

**מאָזגאָוואָיער** (גייט צו איין טריט, גייט אָפּ צוויי טריט צוריק, קאָם וואָס ער האַלט זיך אף די פיס).

**די שטימע** (פייערלעך, מאָנאָטאָן): הער צו, מיין זון לייווי, פאַרנעם מיינע רייד, וואָס איך טו צו דיר זאָגן: דער אויצער איז נאָענט... ניט שפּעטער, ווי אין צוויי טעג אַרום, וועט ער זיך אַנטפּלעקן אינם זכוס פון דיין ווייבס שוועסטער זלאַטע און פון איר זון בעני בען זלאַטע, וואָס ער וועט דיך צופירן גלייך צום אויצער, אויב דו וועסט מיך פאָלגן אלץ, וואָס איך זאָג דיר. מאָרגן גאַנצפרי, איידער די זון גייט אוף, זאָלסטו אָפּשיקן די טנאָים צו אידל דעם כאַלפן, און פאַרנאַכט, איידער די זון פאַרגייט, זאָלסטו שטעלן א כופּע צו דיין טאָכטער עסטער מיט איר באַ־שערטן בעני בען זלאַטע. ער וועט דיר זאָגן, וואו דער אויצער איז... איצטער גיי אַהיים און האָב ניט מוירע פאַר האָלאָוועשקען, און טו, וואָס איך זאָג דיר, וועסטו זיין אָללרייט...

**מאָזגאָוואָיער** (אויסגעהערט מיט גרויס ציטערניש און אופרעגונג, לאָזט אַרויס די לאַמטערן פון דער האַנט, פאַלט אום מיט אַ געשריי): גוואַלד, אידישע קינדער!...

(אַף דעם געשריי לויפן זיך צונויף פון אונטערן באַרג אלע פיגורן מיט די לאַמטערנעס, בייגן זיך אָן צום געפאַלענעם מאָזגאָוואָיער. עס ווערט א טומל מיט א גערודעריי)

איינער: וואָס איז?
צווייטער: געכאַלעשט...
דריטער: ווער?
פערטער: לייווי מאָזגאָוואָיער...
פינפטער: ראַטעוועט אים! וואַסער! וואַסער!
זעקסטער: וואו האָט איר וואַסער? רייבט אים באַ די הענט!
זיבעטער: קוועטשט אים די שלייפן!
אַלע: רייבט אים! קוועטשט אים!.. (מע רייבט אים און מע קוועטשט אים).
מאָזגאָוואָיער (עפנט אוף די אויגן, הייבט אוף דעם קאָפּ, זעצט זיך אוף, קוקט זיך אַרום אף אַלע זייטן): אידן! הייבט מיך אוף!.. איך דאַרף אייך עפּעס זאָגן... (מען הייבט אים אוף, ער ווישט זיך דעם שווייס). די יעשועה איז געקומען... מיר זיינען געהאָלפן... מיר זיינען אופגעריכט געוואָרן... מיר זיינען שוין אף א וועג... איר האָט ניט געהערט קיין קאָל?

איינער: געהערט עפּעס א דין קאָל.
צווייטער: אַ פּישטשען פון א פייגעלע.
דריטער: א ברומען פון א טויב.
פערטער: א קאָל ווי פונויבן.
פינפטער: אַ באַסקאָל.
זעקסטער: אַ בסורע פונם אויצער...
זיבעטער: האַלעוואַי, ריבוינע שעל אוילעם! שוין צייט!.. שוין צייט!.. ניטאָ מער קיין קויעך!..
מאָזגאָוואָיער: מיר וועלן שוין אַזויפיל ניט וואַרטן, וויפל מיר האָבן געוואַרט... די לעצטע טעג, די לעצטע טעג... קומט מיט מיר, מיט מיר... (לאָזט זיך גיין. אַלע נאָך אים).
איינער (שטעלט זיך אָפּ): און וואו איז דער כאַלפן?
צווייטער: אידל טאָרבע מיטן קאַדיש? געבליבן זוכן...
דריטער: סאַמע דעם רעכטן מעכוטן האָט מען פאַרגעסן!
פערטער: ער זוכט אַלעמאָל אַף א נייעם אָרט... אים טאָר מען נים לאָזן אַליין...
פינפטער: טאָמער געפינט ער... אַ קאַשע אף א מאַיסע...
זעקסטער: און מאַכט א שווייג...
זיבעטער: אָדער גאָר א וואַיוּוראַך...
מאָזגאָוואָיער: לאָזט אים צורו, אידלען, לאָזט צורו... ניט ער איז דער שאָליעך. ניט ער, אן אַנדערער... קומט צום ראָוו, דאָרט וועל איך אייך עפּעס דערציילן... מאָרגן, אימירצעשעם, וועט איר הערן די גוטע בסורע... מיר זיינען אופגעריכט, אידן, מיר זיינען געהאָלפן, מיר זיינען געהאָלפן, מיר זיינען געהאָלפן! (גייען צום טויער).



(באָרד, לאָקידרע, דערבאַרמיקער, מעלאָמער, כאַזן, שאַמעס און די איבעריקע אָפּ)

(פון הינטערן באַרג לינקס באַווייזט זיך אידל טאָרבע מיט איציקן)

אידל טאָרבע (פירט איציקן פאַר א האַנט, אָנגעבויגן מיט א לאַמטערנע צו דער ערד, ניט ווייט פון אַלטן שטיבל אַפן אַלטן ראָווס קייווער): איציק, נו?
איציק: וואָס נו?
טאָרבע: אָט אַדאָ־אָ?
איציק: וואָס אָט אַדאָ־אָ?
טאָרבע: האָסטו געפונען דאָס רענדל?
איציק: יאָ.
טאָרבע (ווייזט אַביסל ווייטער): עפּשער דאָ?
איציק: יאָ!
טאָרבע (נאָך אַביסל ווייטער): עפּשער דאָ?
איציק: יאָ.
טאָרבע (א צי איציקן באַ דער האַנט): א, די קאַפּאָרע זאָלסטו ווערן! אומעטום, וואו מע ווייזט אים, איז יאָ, און יאָ, און יאָ! (ווייזט אים אפן זעלבן אָרט וואָס פריער) ניט אָט דאַ־אָ?
איציק: וואָס ניט אָט דאָ־אָ?
טאָרבע: האָסטו געפונען דאָס רענדל?
איציק: ניין.
טאָרבע (ווייזט אים אביסל ווייטער): דאָ אויך ניט?
איציק: ניין.
טאָרבע (נאָך אַביסל ווייטער): און אָט אָ־דאָ אויך ניט?
איציק: ניין.
טאָרבע: טפו זאָלסטו ווערן, שלימאַזל! פריער איז באַ אים געווען יאָ און יאָ, איצט איז ניין און ניין! (גלייכט זיך אויס) איך האָב שוין ניט קיין גאַנצן ביין... מע דאַרף זיך אַביסל אָפּרוען. (זעצט זיך אוועק אף דער ערד, שפּאַרט זיך צו צו דער וואַנט פונם אַלטן ראָווס שטיבל. איציק זעצט זיך אוועק אביסל ווייטער, שפּילט אין זאמד).
טאָרבע (קוקט זיך ארום זיצנדיק, רעדט צו זיך אליין): וואו זיינען דאָס אַהינגעקומען אַלע אידן, וואָס מע זעט זיי ניט?.. זיי לאָזן מיך ניט אָפּ אַף קיין מינוט... היטן מיר די נעשאָמע, איך זאָל ניט אויסכאַפּן דעם אויצער און ניט אַנטלויפן מיט אים קיין ערעציסראָעל... דאָס ווילן זיי ניט וויסן, אַז ווען ניט איך, מעגן זיי זיך געזעגענען מיטן אויצער. ווער זוכט? ווער גראָבט? ווער גיט געלט אף צו גראָבן? ווער האַלט אויס א גאַנצע שטאָט מיט אָרעמעלייט, קאַבצאָנים, דאַלפּאָנים, אַניִים־וועוויונים, איין דאַלעס גרעסער פונם אַנדערן? (קוקט זיך אַרום)... וואו זיינען זיי?... עפּשער האָבן זיי גע־

כאַפּט א נײַעם סליאַד פונם אויצער און ווילן מיר אָנפייפן ?.. עס ! ניט אידלען פייפט מען ! (שטייט אוף, וויל זיך לאָזן גיין, דערהערט א מאָדנע שטימע, ווי פון דער ערד ארויס. ער בלייבט, ווי צוגעשמידט צום אָרט, קאָן ניט רירן מיט קיין אייווער).

שטימע: אידל ! אידל ! זאָלסט זיך ניט דוויגעון פונדאַנען ני נאַ שאַג. דאָס ראָזגאָוואַרעוועט מיט דיר דער אַלטער ראָוו... זאָלסט וויסן אַז דאָ טיעך פאָר, וואָס דו ווסט זיין עסטערס כאָסן, וועסטו דעם אויצער ניט געפינען. מיט לייווי מאָזגאָוואָיערס טאָכטער וועסטו קיין גליק ניט האָבן. דיין גליק וועסטו געפינען בא דער וודאָ־ווישקע עלקע. צו איר זאָלסטו מאָרגן טשוט סוויעט אַוועקפאָרן, נאָר פריער זאָלסטו אָפּשיקן די טנאָים צו לייווי מאָזגאָוואָיער, און זאָלסט קומען צו דער אַלמאָנע, און זאָלסט איר אָפּגעבן דאָס רענדל, וואָס דיין זון איצכאָק האָט געפונען, און זאָלסט זי איבער־בעטן מיט גוטע רייד און זאָלסט פאר איר כאַסענע האָבן, און ניעמעדליענאָ ברײַנגען אַהער צום ראָוו, און פאַרן ראָוו וועט זי זאָגן, וואו דער אויצער נאַכאָדיעט זיך... און מיטן גאָראָדאָוואָי האָלאָוועשקע זאָלסטו שלאָגן בלאַט, אים פילנעווען, וועט זיין דיעלאָ ווּשליאַפּע !... (די שטימע הערט אַנטשווייגן, אידל טאָרבע הערט זיך צו נאָך א ווײַלע, לאָזט זיך אַראָפּ אף דער ערד, ווי א אונטערגעהאַקטער בוים).

טאָרבע (נאָך א קורצער פויזע, קאָם וואָס ער רירט מיט דער צונג): איציק ! (איציק האָט זיך פאַרשפּילט, הערט ניט). איציק ! ! איציק ! ! !

איציק: האַ ?

טאָרבע: קום אַהער... הייב מיך אוף... (איציק הייבט אים) איציק !

איציק: האַ ?

טאָרבע: וואו בין איך ?

איציק: איך ווייס ניט.

טאָרבע: איך בין געשלאָפן ?

איציק: יאָ.

טאָרבע: עס האָט זיך מיר געכאָלעמט ?

איציק: יאָ.

טאָרבע: צי איך האָב עס געהערט אף דער וואָר ?

איציק: יאָ.

טאָרבע (קוקט זיך ארום): ניטאָ קיינער ?

איציק: ניין.

טאָרבע: וואו זיינען מיר ?

איציק: איך ווייס ניט.

טאָרבע: כידושים !... א נאַכט פון וואונדער... א נאַכט פון קישעף !... מיט מיר האָט גערעדט דער אַלטער ראָוו, זיכרוינע ליוורעכע...



א מאָדנער לאָשן !.. א קענטלעכע שטימע... הם... עלקע די אַל־מאָנע ?... בא איר גאָר דער אויצער ?!.. מע דאַרף ניט זאָגן קיי־נעם... עס ווען זיך געפינען באַלאָנים... איציק, קום אַהיים !...

(טאָרבע, איציק אָפּ).

(בעני און האָלאָוועשקע שפרינגען ארויס פון זייערע פּאָזיציעס)

בעני: נו ?

האָלאָוועשקע: נו־נו !

בעני: אָללרייט ! אַצינד דאַרפט איר פאָרן, ווי מיר האָבן אָפּגע־רעדט. דאָרט וועט איר אַרויסנעמען א בריוו פונם ראָוו, אז איר זיינט געוואָרן צוריק א איד, וואָרום אַנדערש קענט איר ניט כאַ־סענע האָבן מיט מיין אָנקלס טאָכטער. דאָרט וועט איר דערווייל אַכטונג געבן אפן כאלפן. ער פאָרט כאַסענע האָבן מיט דער אַל־מאָנע, וואָס מיר האָבן גערעדט... יו ענדערסטענד ?.. ביז איר וועט קומען צוריק, וועל איך דערווייל צוגרייטן מיין אָנקל, ער זאָל אייך כאַסענע מאַכן, און אַז ער וועט ניט וועלן, נעם איך אייך מיט מיין קוזינע אף מיינע עקספּענסעס צו מיר קיין אַמעריקע און מאַך אייך דאָרטן כאַסענע...

האָלאָוועשקע (נעמט אים אָרום): גאָלובטשיק !...

בעני: איך טו דאָס מער צוליב מיין קוזינע — יו ענדערסטענד ?

האָלאָוועשקע: מעזשדו פראָטשים, איך האָב צו אייך נאָך א פראָסבע.

בעני: וועלל, אַבי ס׳איז נאָר מעגלעך...

האָלאָוועשקע: ס׳איז מיר זייער זשאַל אַוועקוואַרפן די סלוזשבע. עפשער איז וואָזמאָזשנע, אַז איר זאָלט אויסכלאָפּאָטשען פאר מיר דאָרטן די זעלבע פּאָליצייסקע דאָלזשנאָסט פון א גאָראָדאָוואָי ?

בעני: אָללרייט ! אַבי איר זאָלט נאָר האָבן אלע פּייפּערס, דאָקומענטן.

האָלאָוועשקע (לעבעדיק): ראַזומיעטסיאַ ! איך האָב מיין טשיסטאָ אָט־סטאַווקאַ. איך בין דאָך געוועזן פּאָד סעוואַסטאָפּאָלעם, איך האָב א בלאַגאָדאַרנאָסט פונם קייסער...

בעני: זיינט איר אָללרייט !... בא אונז נעמט אַזאַ פּאָליסמען ווי איר פונקט דריי מאָל אַזויפיל... וואָס זאָג איך ? — דרייסיק מאָל אַזויפיל !

האָלאָוועשקע: און פון דער זייט פאַלט צו עפּעס א דאָכאָדל ? דיעלאָ סלוזשעבנאָיע !

בעני: אָהאָ־האָ ! בא אונז איז ניטאָ איין פּאָליסמען, וואָס זאָל ניט פאַרמאָגן כאָטש צוויי הייזער אייגענע מיט א קערידזש... ס׳איז דאָ בא אונז א פּאָליסמען, פאָרט ער אַנדערש ניט אַרויס, ווי מיט צוויי שוואַרצע נעגערס: איינער פון פאָרנט, איינער פון הינטן. נאָך איין פּאָליסמען איז בא אונז פאַראַן, איז ער דריי מאָל אַזוי רייך, ווי וואַנדערבילד מיט ראָקאָפעלערן צוזאַמען !...

**האָלאָוועשקע:** מאמאָטשקאַ! (כאַפּט אים אָרום קושן) מעזשדו פּראָטשים, און דאָס וואָס איך ווער צוריק א איד, וועט ניט מעשאַיען מיר צו דער דאָלזשנאָסט?

**בעני:** אַדעראַבּע! דאָס איז נאָך בּעסער! בּא אונז איז קימאָט די גאַנצע פּאָליציע פון אידן! ניטאָ בּא אונז איין פּאָליסמען, וואָס זאָל ניט זיין פון אידן... געוועזן איינער, האָט ער זיך אויך ניט־לאַנג מעגאַיער געוועזן צוליבּ א מיידל אַזוי ווי איד, כא־כא־כא! (שיינקט האָלאָוועשקען א פּאַטש אין פּלייצע)

**האָלאָוועשקע** (שיינקט אים צוריק א פּאַטש אין פּלייצע): כע־כע־כע! (ווי נעמען זיך בּיידע אונטער די הענט, גייען פּאַרזיכטיק צום פּלויט. פריער קלעטערט האָלאָוועשקע. בּעני שטופּט אים אונטער).

**בעני** (זעצט אים ארוף): קריכט, האָט קיין מוירע ניט!...

**האָלאָוועשקע:** אָסטאָראָזשנאָ! איך קאָן מיך נאָך כאָלילע פּאַרטשעפּען פארן פלאַשטש... דיעלאָ אָפּאַסנאָיע!...

**בעני:** אָללרייט! אָללרייט! (קריכט אים נאָך).

(פ אָ ר ה א נ ג).






## צ ווײ ט ע ב י ל ד.

(א גרויסער שאָלאַש.—לאַנגע געדעקטע טישן: פלעשלעך, גלעזלעך, לעקעך, איינגעמאַכטס.—ארום די טישן זיצן אידן און ווייבּער, צווישן זיי אַלע פּערזאָנען פון דער פּיעסע, אויסער אידל סאָרבּע, איציק, האָלאָוועשקע, וולאַצ־לאַווסקי און עלקע.—גאַנץ אויבּנאָן—כאָסן־קאַלע: בּעני אין א פראַק, א צילינדערהוט, א ווייסן שניפּס. עסטער אין א ווייס כופּע־קלייד מיט א ווייסן שלייער.—בּא דער זייט אידישע קלעזמער מיט די קיילים אין די הענט, וואַרטן מע זאָל זיי הייסן שפּילן.—צווישן די טישן דרייען זיך אַרום מיט שיינענריקע פּענימער לייווי מאַזגאַוואָיער מיט פּאַרקאַטשעטע אָרבּל, דאָס היטל ארויף, רויט און פאַרשוויצט, בּאַשעווע מיטן זיידן טיכל ארונטער־געבּונדן אף הינטן.—בּעטן די געסט זאָלן עסן און טרינקען.—זיי גייט נאָך דער שאַמעס און זעלדע די קעכן, העלפן אויסשטעלן טעלער, לעפל און גאָפּלען).

**עסלעכע קוילעס:** ששששא! שאַט! אידן! דער רעבּע וויל טרינקען לעכאַים!

**ראָוו** (מיט א זילבּערנעם בּעכער אין האַנט, זוכט מיט די אויגן): לעכאַים, מעכוטן! וואו איז דער מעכוטן?

**קוילעס:** מעכוטן! מעכוטן! וואו איז דער מעכוטן? דער רעבּע וויל טרינקען מיטן מעכוטן לעכאַים!...

**מאַזגאָוואָיער** (דערהערט): אָט־אָ בּין איך. איך גיי. איך גיי. (גייט צו צום ראָוו, נעמט א גלעזל. דער גאַנצער עוילעם שפּאַרט זיך צונויף הערן דעם רעבּן; דעם ראָווס פּאָנים שיינט).

**ראָוו:** לעכאַים, מעכוטן, רעבּ לייווי! דער אייבּערשטער זאָל געבּן, ס'זאָל זיין מיט גליק און דו זאָלסט האָבּן גרויס נאַכעס פאַר די יעסורים, וואָס דו בּיסט אויסגעשטאַנען פון דער צייט, וואָס ס'האָט זיך בּאַוויזן בּא אונז א ליכט פון האָפּענונג... איך דאַרף דיר זאָגן א שוואַך, רעבּ לייווי, אין די אויגן, אַז דו בּיסט א גרויסער מאַימין!... בּא דיר איז די עמונע לעמאַילע מין האַסייכל... דאָס, וואָס דו קענסט ניט מאַסיג זיין מיטן סייכל, בּיסטו מעצאַמצעם מיטן גלויבּן... דו בּיסט אין דער בּכינע פון אן עמעסן ערלעכן אידן, וואָס פרעגט ניט קיין קאַשעס, וואָרום קאַשעס פרעגן האָט ניט קיין שיר און קיין ערעך... עפּשער בּיסטו גערעכט... עפּשער

אינם זכוס פון דיין ווייבס שוועסטערס זון איז באַשערט, אַז אידן זאָלן אופגעריכט ווערן... עפשער האָט צוליב דעם דער אייבערשטער אַזוי געפירט, אז ער דאַרף קומען אַהער פון מערכאַקים, אַזש פון אַמעריקע... זעט מען דאָך, אַז ס'איז מין האַשאָמאַיִם... זעט מען דאָך בעכוש, אַז מיר האָבן א גרויסן גאָט, וואָס מיט איין האַנט שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער... אַז מיר האָבן א גוטן גאָט, וואָס האָט ראַכמאָנעס, וואָס ער שיקט אונז צו די רעפוע פאַר דער מאַקע. אַ סימען האָט איר, אז פונקט אין דער צייט, ווען דער פאָרעץ האַלט בא פאַרקויפן די שטאָט און אידן, נעבעך, זיינען אַזוי פאַראָרעמט און פארוואָגלט, באווייזט זיך פלרצים א שטראַל פון האָפענונג, ווי אין פּאָסעק שטייט גע... (פלוצים ווערט א ראַש: האָלאָוועשקע איז געקומען. דער ראָוו ווערט אונטערבראָכן).

קוילעס: האָלאָוועשקע! האָלאָוועשקע!

# האָלעוועשקע.

(אָנגעטון ציוויל, נאָר מיט א פּאָליצייסקע היטל אפן קאָפּ, וואַרפט א קוק אפן גאַנצן אוילעם, דערזעט אויבנאָן כאָסן-קאַלע, כאַפּט זיך אינסטינקטיוו בא דער זייט, וואו ער פלעגט טראָגן די סאַבל)

האָלאָוועשקע (ציט אויס מיט א לאנגן טאָן): וואָט ק־אַ־אַק??? האָט מען מיך, הייסט דאָס, נאַדויעט? אָנגעטון א ספּאָדיק? און ווער? (ווייזט אפן כאָסן) א אינגל, א מאָלאָקאָסאָס!... ער מיינט, אַז עס וועט אים אָפּלויפן גלאַט! אז איך וועל מיך לאָזן פירן בא דער נאָז! מיך האָט נאָך קיינער ניט אָפּגענאַרט! איך הייס האָלאָוועשקע!... איך וועל אייך באַווייזן, ווער איך בין!... אָט לויף איך און טו אָן צוריק מיין אַמוניציע און ווער צוריק גאָראָדאָוואָי! וואָס מיינט איר? איר האָט מיך שוין געפּאַטערט?... איך גיב איין אַף אייך, אַז איר האָט מיך צוגערעדט, אז איר האָט מיך זאַסטאַוועט, אַז איך זאָל ווערן צוריק א איד! איר ווייסט, אַז איך בין א מענטש א קאַזיאָנע? איר ווייסט, מיט וואָס דאָס שמעקט? מיט סיביר! מיט קאַטאָרגע! דיעלאָ אוגאָלאָווניע!...

מאָזגאָוואָיער (צו האָלאָוועשקען): האָט קיין פאריבל ניט, רעב כאַיִם-בער, איר סטראַשעט די געגנז. מע הערט אייך מיטן קאָטער. ערשטנס, האָבן מיר צווישן זיך אַ געשריפּטס, שווארץ אף ווייס — איר וועט אייער כסימע ניט אָפּלייקענען — אַז איר האָט אַ כיילעק גלייך מיט אונז אלע אין דעם אויצער, און אז איר זענט מעכויעוו צו האלטן די זאַך בעסאָד, אז קאזנא זאָל דערפון ניט וויסן; איז וויבאלד איר גיט איין אף אונז, גיט איר איין אף זיך. איז איין מאָל אַוועק. וועהאַשייניס, לאַך איך מיך גלאַט אויס פון



אייער באַבע: דער אויצער איז שוין, מיט גאָטס הילף, ווי בא אונז אין קעשענע. איר פאָלגט מיך, מאַכט בעסער אַ שוויַג, וועט איר כאַפּן אַ שטיקל, אַניט וועט איר בלייבן, פארשטייט איר מיך, אי אַ מאָסער, אי אַ נאַר — צו וואָס טויג עס אייך?

האָלאָוועשקע: וואָס איז מיט אייך אזוי די גרויסקייט? עפשער האָט מען דאָס אייך געזאָגט נעכטן אַף דער קלאַדבישטשע פון אייער טאטנס מאָגילאַ? זאָלט איר וויסן, אז דאָס איז ער!... (ווייזט אפן כאָסן) אָט דער מאָלאָקאָסאָס!...

מאָזגאָוואָיער (צעלאַכט זיך): נאַרישער מענטש וואָס איר זיינט! איר האָט געהערט קלינגען און קענט ניט נאָכזינגען! דאָס איז געווען דער טאַטע מיינער פון יענער וועלט.

בעני (שטייט אוף): אָנקל, דאָס בין געווען — איך.

מאָזגאָוואָיער (צו בענין): דו?!

בעני: יעס!

מאָזגאָוואָיער (פאלט שיר ניט אום): באשעווע, וואו ביסטו? (צו בענין) וואָ־וואָ־וואָס הייסט? איך פאַרשטיי ניט!

בעני: עס טוט מיר לייד, באָט איך מוז אייך זאָגן, אָנקל, איך האָב אנדערש ניט געקאָנט. איך האָב געזעען, ווי איר בלאָנדזעט און לאָזט זיך ניט פירן אפן רעכטן וועג. דער אויצער האָט אייך דאָ אלעמען אַזוי פארדרייט דעם קאָפּ, אז איר האָט פארלאָרן אייער פאַרשטאַנד. איר האָט אָנגעהויבן גלויבן אין כאַלוימעס, אין איבערנאַטירלעכע וואונדער. טויטע פון יענער וועלט האָבן אָנגעהויבן אייך מאַכן וויזיטן, רעדן ווי לעבעדיקע מענטשן. דאַן האָב איך ארויסגעזעען, אַז מיט ווערטער איז מיט אייך נישט צו מאַכן, ביקאָז איר זיינט שוין צו ווייט פאַרגאנגען. האָב איך צו מיר געזאָגט: אָללרייט! מע דאַרף אייך שמייסן מיט אייער אייגענער רוט, און לאָז מיין נאָמען ניט הייסן בעני, אויב איך וועל אייך ניט עפענען די אויגן און אומקערן צוריק צו אייערע בינעס. ביקאָז דער אויצער איז אַ נאָנסענס, אַ פאַנטאַזיע פון אייער קאָפּ! מיינע פריינט! אייער זוכן איז ארויסגעוואָרפן — ביקאָז עס איז ניטאָ קיין אויצרעס אפן אלטן בייסוילעם, אף אַן אַלטן בייסוילעם זיינען דאָ אַלטע קוואָרים, צעבראָכענע מאַצייוועס...

(אין דער גאַנצער צייט פונם ספּיטש איז דער אוילעם אופגעבראכט, מע קוקט איינס אפס אנדערע, און אלע קוקן אפן ראָוו, וועלכער זיצט רואיק און הערט. מע וואַרפט פייעריקע בליקן אפן רעדנער. די לעצטע ווערטער קען מען שוין ניט אריבערטראָגן, און עס לאָזן זיך הערן קוילעס פון פארשיידענע זייטן).

1־טע שטימע: דאָס איז שוין אַן אַזעס!

2־טע שטימע: אַ כוצפע!
3־טע שטימע: אַ העפקיירעס, וואָס איז ניט געהערט געוואָרן!
4־טע שטימע: האָט ניט קיין דערעכערעץ פארן רעבן!
מאָזגאָוואָיער (וועלכער איז ערשט געקומען צו זיך): קומט אויס, הייסט דאָס, אַז דער כאָכעם און דער קאָפּ־מענטש — דאָס ביסטו, און מיר אַלע דאָ זיינען אינגלעך, נאַראָנים, בלינדע מענטשן, וואָס פאַר־שטייען ניט פונדאַנען אַהין? (צום ווייב) באַשעווע! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, אַף דיין פלימעניק פון אמעריקע? ער האָט דאָך אונז געמאַכט נאָר אויסצודרייען! אַ האַנטשירקע האָט ער פון מיר געמאַכט! די מאַשמאָעס, אז דיין מאַן, לייווי מאָזגאָוואָיער, וואָס די וועלט האָט אים געהאַלטן פאַר אַ באלמויעך, וואָס מענטשן קומען צו אים זיך אַן אייצע האַלטן, איז גאָר, כאַ־כאַ־כאַ, אַ אִינגל! אַ טיפּעש!! אַ בעהיימע!!!
באַשעווע: אַזאַ שטיק גאָלד... (פארכאַפּט זיך)
מאָזגאָוואָיער (ווייזט אַף בענין, רעדט צום אוילעם): אידן! אָט דער אימאַכשמויניק האָט געלייגט דעם קאָפּ אַף אויסנאַרן בא מיר די טאָכטער, און — מע קאָן ניט זאָגן — ס׳איז אים געראָטן. (צו בענין) ס׳איז דיר געראָטן, בעני, לעמאַי זאָל איך לייקענען? האָסט אָפּ־געאַרבעט א שטיקל אַרבעט קונציק! דאָס זאָג איך דיר, לייווי מאָזגאָוואָיער אַליין זאָגט עס דיר, אַז ס׳איז בעריעש! מיילע, אָפּ־געטון, איז פאַרפאַלן. לאָז דיר גאָט געבן, זאָלסט זיך עלטערן מיט איר אין אוישער און אין קאָוועד. ס׳איז נאַריש, איך בין דאָך דיר איצטער אַ טאַטע גלייך, ווי איר (ווייזט אַף עסטערן). עס קומט דיר. דו האָסט זי קאָשער פאַרדינט, אַזוי ווי יאַנקעוו אָווינו בא לאָוואָן האָאראַמי... וואָרום אָפּנאַרן לייווי מאָזגאָוואָיער, פאַר־שטייסטו מיך, דארף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען!... נאָר דאָס; וואָס דו ווילסט אונז איינשמועסן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אויצער — דאָס וועסטו דערציילן דאָרטן אין אַמעריקע, ניט אונז! ביסט אַ גרויסער נאַר, זאָג איך דיר! אַז דו וועסט זיך אוועקשטעלן מיט איין פוס אַפן הימל און מיט דער אנדערער אַף דער ערד און שרייען, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אויצער — וועט מען דיר דען גלויבן? (צום אוילעם) אידן! וואָס שווייגט איר?
עטלעכע קולעס: אַן אזעס!... אַ כוצפע!... אַ פּאָטעפּאלנאָסט!... אַ העפקיירעס! (אַ באַוועגונג אין אוילעם)
האָלאָוועשקע (צו מאָזגאָוואָיער): מעזשדו פראָטשים. וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ אינגעלע? איך פאַרשטיי ניט קיין שטוקעס? איר מיינט, איך ווייס ניט, אז ס׳איז באַ אייך מיט אָט דעם מאָלאָקאָ־סאָס (ווייזט אַף בענין) אַן אָבשטשע סאָגלאַסיע? וועמען דערציילט



איר סקאַזקעס? מע זעט ניט, אַז ס׳איז אַ סאָבאַטשע קאָמעדיע? איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס ער האָט באַדאַרפט ארויסשטעלן מיך אַפן בייסוילעם פאַר אַ סטראַשידלע צו אָט־אָ דעם אידיאָט דעם כאַלפן... אָט איז ער!...

(עס קומט אָן אידל טאָרבע, נאָך אים גייט נאָך עלקע).

## אידל טאָרבע, עלקע

(ביידע זיינען שטאַרק אופגערעגט, ביידע ווילן רעדן, שלאָגן איבער איינס דאָס אנדערע. דער אוילעם קוקט זיי אָן און גאַפּט)

טאָרבע: אַן אומגליק!... אַפּאָנים, געמאַסערט... איר ווייסט גאָר ניט, וואָס סע טוט זיך?...
עלקע: איך ווייס ניט, וואָס וויל ער האָבן פון מיין לעבן, אָט דער איד? פון גאַנצפרי אָן האָט ער זיך נאַסיאַדעט, ווי אַ זאַקוציע...
טאָרבע (צו עלקען): שאַ! לאָז אויסרעדן אַ וואָרט!
עלקע: שלימאַזל, און וואו בין איך?
מאָזגאָוואָיער (מישט זיך אריין, וויל זיי צענעמען): דערעכערעץ! לאָז איינער רעדן פון אייך, ניט ביידע מיטאַמאָל! לאָז ער רעדן — ער איז אַ מאַנסבל!
עלקע (צו מאָזגאָוואָיער): אַזוי פאַסקנט איר אַ פסאקעץ? וואָס זיינט איר? אַ ראָוו אין שטעטל?
מאָזגאָוואָיער (צום אוילעם): מיר דאַכט, אַז דאָס איז די מעשוגענע אלמאָנע! (צום ווייב) באַשעווע! אַיאָ, ס׳איז זי?
עלקע: ערשטנס, ווייס איך ניט, ווער פון אונז ביידע איז מער מעשוגע: איך צי איר? איך האָב אייך דעמאָלט געזאָגט, אַז דאָס רענדל איז מיין רענדל, האָט איר מיך אויך געמאַכט פאר אַ מעשוגענע און געוואָלט איבערגעבן מיך אין גאָיִשע הענט, צו אַ גאָראָדאָ־וואָי, עפּעס אַ האָלאָוועשקע, אימאַך שמוי וועזיכרוי! אַ גליק, וואָס ער רעדט אידיש און נעמט אַ מאַטבייע, נעמען זאָל ער אייך אַ מיסע־מעשונע! (האָלאָוועשקע וויל זיך אַ לאָז טון צו איר, דערמאָנט זיך, אַז ער איז אָן דער אוניפאָרם, ציט אָפּ צוריק) און וואָס איר זאָגט, אַז איך בין אַן אלמאָנע, האָט איר אַ טאָעס; איך האָב שוין אַ מאַן, ביז הונדערט צוואַנציק יאָר, אַפילע אַ כושים, אַ שלימאַזל, נאָר פאָרט אַ מאַן, ווי זאָגט מען: אַ קאַפּאָרע...
טאָרבע (שלאָגט איר איבער): ווער פרעגט דיך? לאָז אויסרעדן אַ וואָרט! לאָזן זיי וויסן, וואָס סע טוט זיך מיטן אויצער...
קוילעס: מיטן אויצער?... מיטן אויצער?... וואָס איז מיטן אויצער?
טאָרבע: שלעכט! ביטער! אַפּאָנים, אַ מעסירעלע... איך גיי מיט איר נאָר וואָס פון...

עלקע: אָט וועט ער אייך דערציילן, וועט זיין וואָס צו הערן! איר הערט בעסער מיך! היינט, גאַנצפרי, גאָט איז נאָך געשלאָפן, קומט ער צו מיר, אָט דער שלימאַזל (ווייזט אף אידל סאָרבע) און ברייגנט מיר אָפּ דאָס רענדל, מיין ערשטן מאַנס רענדל, און זעצט זיך אוועק און פרעגט מיך אויס, פונוואַנען איך לעב, און וויפל קינדער איך האָב, און פאַרוואָס איך האָב ניט כאַסענע? זאָג איך: וועלכער מעשוגענער וועט מיך נעמען? זאָגט ער: איך! איך בין, זאָגט ער, אַ איד אַ נאָגיד, מע קען זאָגן אַ גוויר... זאָג איך...

טאָרבע: וואָס גייט זיי אָן? ניט דאָס איז דער איקער. דער איקער איז...

עלקע (פאַרשטעלט אים דאָס מויל): דער איקער? בא מיר איז דאָס דער איקער! וואָס טויג אייך, ער האָט זיך נאַסיאַדעט אף מיר, ווי אַ גוטע זאַקוציע, און נעמט מיך אוועק צו אונזער ראָוו און שטעלט מיט מיר אַ כופּע...

מאָזגאָוואָיער (צו אידלען): קומט דאָך אייך מאַזלטאָוו!... וואָס עפּעס אַזוי כאַפּנדיק?

טאָרבע: מיט מאזל זאָלט איר לעבן... איך האָב געטון אַזוי, ווי מע האָט מיר געהייסן... מע האָט מיר אַזוי אָנגעזאָגט...

האָלאָוועשקע (גלייך אידלען אין פּאָנים אריין): אי־די־אָט!!

עלקע: איך זאָג אויך דאָס אייגענע, כאָטש ער איז מיר אַ מאַן, אַ מאַן קעדאַס מוישע וועאיסראָל. האָט איר געהערט אַמאָל אַ מאַן אַ דעאָט זאָל פירן אַ ווייב טייקעף נאָך דער כופּע גלייך אַפּן בייסוילעם? אַפּן אַלטן בייסוילעם?

קוילעס: אַפּן בייסוילעם?... אַפּן אַלטן בייסוילעם?... וואָס האָט ער צו טון אליין אַפּן בייסוילעם?... אָן אונז?... אונז באַגאַנוועט נען?... ער איז אַ גאַנעוו!... אַ גאַנעוו!...

טאָרבע (רויט, פאַרשוויצט, אויסער זיך): אַ גאַנעוו? וואָס האָב איך בא אייך געגאַנוועט?

קוילעס: געוואָלט גאַנווענען!... אַוועקגאַנווענען דעם אויצער!... דעם אויצער!...

טאָרבע: דעם אויצער? וואָסער אויצער? איר האָט שוין אַן אויצער? גייט זעט, וואָס אפּן אַלטן בייסוילעם טוט זיך! באלאגערט פון אַלע פיר זייטן!... דער פּאָרעץ... דער גראף איז געקומען צו פּאָרן... אַפּאָנים, געמאַסערט... אַ פולער בייסוילעם מיט פּאָליאַקן!... וולאָצלאווסקי איז אויך דאָרטן... מע גראָבט... מע זוכט דעם אויצער!... (בא די ווערטער גליטשט זיך האָלאָוועשקע ארויס און סטאַיעט ניט).

(האָלאָוועשקע אָפּ)



(די יעדיע מאַכט אָן אַ ראַש. דער גאַנצער אוילעם בלייבט אַזוי ווי געלייִמט. קיינער קאָן זיך ניט רירן פון אָרט, קיינער קאָן קיין וואָרט ניט ארויסרעדן, אויסער איין לייווי מאָזגאָוואָיער, וואָס צינדט זיך אָן, ווי אַ ליכט)

מאָזגאָוואָיער: אידן! האָב איך ניט געוואוסט, אַז אָט דאָס וועט זיין דער סאָף, זאָל איך ניט אוועקגיין פון אָט דעם אָרט!... (צום ווייב באַשעווע)!... וואָס האָב איך דיר געזאָגט?... אוי, מיינע כאַלוימעס! מיינע כאַלוימעס!...

באשעווע: אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך!...

מאָזגאָוואָיער (צו בעניִן, פונדערווייטן): נו, כאָכעם מיינער פון קלוגן לאַנד אַמעריקע! איצט זעסטו שוין? איצט וועסטו שוין ניט אָפּלייקענען, אַז ס'איז דאָ אַן אויצער?... (צום ראָוו) רעבע! גיט עפּעס אַן אייצע—וואָס טוט מען? וואוהין גייט מען? וואוהין לויפט מען? (פאַרקאָטשעט די ארבל, גרייט לויפן אין דער וועלט אריין. אף אים קוקנדיק ווערט אופגערעגט דער איבעריקער אוילעם. מאַנסבלען זיפצן; ווייבער ברעכן די הענט. אַנדערע ווייַנען שטיל).

ראָוו (רואיק, מיט אַ לויכטנדיק פּאָנים, פעסט): מע דאַרף ניט גיין. מע דאַרף ניט לויפן. מע דאַרף נאָר האָבן ביטאָכן אפּן אייבערשטן; אז דער אייבערשטער וועט וועלן, וועט ער טון אַ נעס — זיי וועלן זוכן און זוכן און וועלן ניט געפינען גאָרניט, אזוי ווי מיר האָבן געזוכט און געזוכט און ביז אהער נאָך ניט געפונען גאָרניט ניט... קינדערלעך! איך האָב אייך געזאָגט וויפל מאָל: מיר האָבן אַ גרויסן גאָט! מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט!...

מאָזגאָוואָיער (באַגייסטערט פונם ראָווס ווערטער): אידן! דער ראָוו איז גערעכט! מיר האָבן אַ גרויסן גאָט און אַ שטאַרקן גאָט!

קוילעס: אַ גרויסן גאָט! אַ שטאַרקן גאָט!

ראָוו (צו לייווי מאָזגאָוואָיער): דער'ווייל ביסטו, רעב לייווי, אַ מעכוטן, בא דיר איז, הייסט עס, אַ סימכע, באדארפסטו פריילעך זיין!... (צום איבעריקן אוילעם) און אויך איר באדארפט זיך פרייען בא אידן אַף אַ סימכע. עס איז אַ גרויסע מיצווע מעסאַמייעך זיין כאָסן־קאלע! אַ גרויסע מיצווע!

מאָזגאָוואָיער: אַזאַ יאָר אף מיר, ווי דער רעבע איז גערעכט! אידן! לאָז זיין פריילעך! (צו דער קאפעליע): קלעזמער! אַ פריילעכס, אַ אידיש!

קוילעס: אַ אידיש! אַ אידיש!...

(די קלעזמער טוען אַ כאַפּ אַ „אידיש". לייווי מאָזגאָוואָיער צענעמט די פּאָלעס, לאָזט זיך אַ „כאָסידל". אַקעגן אים גייט באשעווע מיט אַ פרום פּאָנים, האַלט פאר זיך אַ פאַטשיילע. אין דעם טאַנץ גיסט זיך אויס זייער גאַנצע נעשאָמע. דער אוילעם ווערט אופגעמונטערט, פּלעסקעט צו מיט די הענט צום טאַקט. דער ראָוו האַלט די אויגן ארוף, דאָס פּאָנים שייַנט. לאַנגזאַם פאלט דער פאָרהאַנג).



---

# טייטשן פון פרעמדווערטער

(איינגלישע, פוילישע און העברייאישע).

אַי העוו — איך האָב (איינגליש).
אַילבעטשיו — כ'וועל זיך וועטן מיט אייך (איינגל.).
אין חלום בלי דברים בטלים (איין כאַלוים בעלי דוואָרים בטיילים)—אין יעדן כאָלעם איז פאַראַן נאַרישקייטן (העברייאיש).
אָכינו אָטאָ — ביסט אונזער א ברודער, ביסט א אונזעריקער (העבר.).
באָט — נאָר (איינגל.).
באָס — באַלעבאָס (איינגל.).
באַרדזאָ סליטשנע — זייער פיין (פויליש).
באַרדזאָ פזשעיעמנע — זייער איינגענעם (פויל.).
ביזנעס — געשעפט (איינגל.).
בייבי — א ברעקל קינד (איינגל.).
ביקאָז — וויל (איינגל.).
בעהאַרכאָוועס האדאס — גוט אופגעלייגט (העבר.).
בעטווין — צווישן (איינגל.).
גוד באַי — אַדיע (איינגל.).
גיוו מי יור הענד — גיט מיר אייער האנט (איינגל.).
גרייפס — ווײנטרויבן (איינגל.).
דאָווידזעניא—אדיע (פויל.).
האַידויודו? — וואָס מאכט איר? (איינגל.).
האָם — שטוב (איינגל.).
העלפ יור זעלף — העלף זיך אליין (איינגל.).
וועל — גוט (איינגל.).
טאַרגום אונקעלוס—לויטן קאָנטעקסט—א אומפארשטענדלעך לאָשן (העבר.).
טען — יענער (פויל.).
טראנסלייטעט — איבערזעצט (איינגל.).
טשילדרען — קינדער (איינגל.).
טשעריס — ווײנשל (איינגל.).
יאַכדאָוו — צוזאמען (העבר.).
יאַק סיע מאַש? — וואָס מאַכט? (פויל.).
יונייטעד סטייטס אָף אמעריקע — פאריייניקטע שטאַטן פון אמעריקע (איינגל.).
יור פרענד — אייער פריינט (איינגל.).
יעס — יאָ (איינגל.).



כל היוצא מפיו (קאָל האַיויצע מיפיוו) — אַלץ וואָס זיין מויל ברייננט ארויס, אַלץ וואָס ער רעדט (העבר.).
כל ישראל יש להם חלק... (קאָל איסראָעל יעש לאָהעם כיילעק)—אלע אידן האָבן א כיילעק... (העבר.).
כנוס — א קלייט (העבר.).
כשמו כן הוא — (קישמוי קיין הו)—ווי זיין נאָמען איז, אזוי איז ער; זיין נאָמען פאסט אים (העבר.).
לעדי — א דאמע (איינגל.).
לעטער — א בריוו (איינגל.).
מאַי דיר — מיין טייערער (איינגל.).
מאָנט — כוידעש (איינגל.).
מיסטייק — א טאָעס (איינגל.).
נאָ — ניין (איינגל.).
נאָטהינג — א גאָרניט, א טויגעניכץ (איינגל.).
נאָנסענס — א אומזין (איינגל.).
ניים—נאָמען (איינגל.).
ניך ניע פאָטשעבניע — דארף קיין זאַך ניט (פויל.).
נעווער — ניין, קיינמאָל ניט (איינגל.).
נעווערמינד — נישקאָשע, ס'מאכט ניט אויס (איינגל.).
סטייט — אָרט, לאַנד (איינגל.).
סינגעלמען — ניט קיין באווייבטער (איינגל.).
סמוקן, ער סמוקט — רויכערן, ער רויכערט (איינגל.).
סעמעטערי — א בייסוילעם (איינגל.).
ספיטש — א רעדע (איינגל.).
עווערטינג—אלץ, אַלצדינג (איינגל.).
ענדערסטענד? יו ענדערסטענד?—פאַרשטאנען? איר פאַרשטייט? (איינגל.).
עסאַילום — קראנקען-הויז (איינגל.).
עקספענסעס — הויצאָעס (איינגל.).
פיטשעס — פערשקעס (איינגל.).
פייפערס — פאַפירן (איינגל.).
פיקטשור — פאָטאָגראפיע (איינגל.).
פלענטי — פול, גאָלע (איינגל.).
פראָשען — ביטע (פויל.).
פייף — פינף (איינגל.).
צורקאָ — א טאָכטער (פויל.).
קאָלו קאָל האקיצין — לויטן קאָנטעקסט—עק וועלט (העבר.).
קאמין! — אריין! (איינגל.).
קאָנטרי — לאַנד, ערד (איינגל.).
קאָנספירישאָן — א סאָד (איינגל.).
קערידזש — א פאַעטאָן (איינגל.).
רומס — צימערן (איינגל.)
שור — געוויס, זיכער (איינגל.).

רעדאקציע.

